אַהרן קאַרלין

# מיין סך-הכּל

## לידער און איבערזעצונגען



אַרויסגעגעבן פון פאַרלאַג „די פעדער"



ניו-יאָרק, נ"י, 1971

ARON CARLIN

# MEIN SACH AKEL

## (MY TOTAL)

Poems and Translations

•

PUBLISHED BY "THE FEDER"

1971

•

PRINTED IN U. S. A.
by:
KNIGHT PRINTING CORPORATION
382 Lafayette Street, New York, N. Y. 10003


96

אברהם רייזען

# אַהרן קאַרלין

...אהרן קאַרלינען געדענק איך פאַר אַ וויכטיקן ליטעראַטור־טוער זייט 1908, ווען עס איז דערשינען „טרוימען אוןווירקלעכקייט”, אַ זאַמלבוך פון די יונגע און פאַר די יונגע און צווישן וועלכע, ווי אַן עלטערער „יונגער” איך האָב אויך אָנטייל גענומען מיט אַ ליד, און ער, קאַרלין — דאַן נאָך גאָר אַ יונגער — איז געווען איינער פון די אַרויסגעבער און אַפילו פון די „פאַרשפּרייטער”. אָבער אויסגעוואַקסן איז ער מיט זיין גאַנצער ליטעראַטור־טוערישער פּערזענלעכקייט, ווי אַ פאַרבן־רייכע אין אַלע פּרטים — מיט דעם וואוקס און מיט דער פונאַנדערבליאונג פון דער אַזוי גערופענער מאָנאַטשריפט „פעדער”.

דאָ איז ער געווען ניט נאָר רעדאַקטאָר, טוער, נאָר אויך הערציער, „פלעגער” און אַפילו פאַרזאָרגער פון די יונגע יידישע דיכטער, פון די אָנפאַנגער.

די וויכטיקסטע פון זיי — דער איצט באַרימטער און פון אַלעמען אָנערקענטער און באַוואונדערטער א. לוצקי; דער אידעלער, טיף־מענטש־לעכער און ריין־לירישער לוי גאָלדבערג, דער עטוואָס סענטימענטאַלער, אָבער אויך געפילפולער און תפילהדיקער י. קאָלושינער.

...זיי אַלע האָט ניט נאָר א. קאַרלין געדרוקט אין די ערשטע נומערן „פעדער”, נאָר זיי אויך געמוטיקט און אויף זיין שטיגער מדריך געווען אין די וועגן פון דער יידישער און אַפילו אַלגעמיינער פּאָעזיע.

די ערשטע נומערן „פעדער” אונטער א. קאַרלינס רעדאַקציע און מיט דעם אָנטייל פון די לויטער יונגע און טאַקע מיט נייעם אינהאַלט — אין יענע טעג איז קאַרלין געווען געוואַלדיק פאַרכאַפּט פון דער מאָדער־נער ריכטונג אין דער פּאָעזיע — האָבן אויך מיך, וואָס איך האָב זיך שוין געציילט, ווי דער שטיגער איז ביי יידן — צווישן די אַלטע, אַריינ־געצויגן. איך האָב געפונען חן און לייטזעליקייט אין קאַרלינס אויגן און איך האָב זיך געפילט אויך היימיש צווישן די יונגע און די אָנ־פאַנגער, געווען אַן אָפטער גאַסט אין דער „פעדער” און געדרוקט לי־דער און אויך אַ רעצענזיע אין כמעט יעדן נומער.

די „פעדער” מיט אַלע אירע שוואַכע זייטן, איז מיר געוואָרן טייער און נאָענט.

עס איז מיר געפעלן געוואָרן איבערהויפּט איר פאָלקסטימלעכקייט, איר דעמאָקראַטישקייט און די איבערגעגעבנקייט פון דעם רעדאַקטאָר אהרן קאַרלין, ניט נאָר צום יידישן וואָרט, נאָר אויך צום יידישן שרייבער, צום לעבעדיקן מענטשן בכלל. זיין שטרענגקייט, וואָס שטאַמט פון ליב־שאַפט, זיין אויפפּאַסן אויף אַלץ, וואָס קומט פאָר אין דער ליטעראַרישער „באַלעבאַטישקייט”. ער האָט אָפט דערמאָנט אַ פאַרוואַלטער פון אַ „גוטס וואָס גיט אַכטונג ניט נאָר אויף דער באַלעבאַטישקייט, נאָר אויך

אויף די מענטשן, עס זאָל זיי גאַר נישט פעלן און עס זאָלן קיין עוולות אין זיין הויף ניט באַגאַנגען ווערן.

אויס ליבע צו דער יידישער ליטעראַטור האָט א. קאַרלין פאַר־נאַכלעסיקט זיינע גרויסע פעאיקייטן אויף אַנדערע געביטן. נאָר וועגן זיין אָפּפער — ריין מאַטעריעלע, וואָס ער האָט געבראַכט פאַר דער יידישער ליטעראַטור — אַלס רעדאַקטאָר פון דער „פעדער״ און אַלס ליטעראַטור־טוער בכלל.

עס האָט אָפט אויסגעזען ווי אהרן קאַרלין גייט אום מיט אַ בונד שליסלען. אַמאָל האָבן זיי אַפילו אַנגענעם געקלונגען. אָבער דאָס זיינען געווען שליסלען ניט צו פאַרשליסן מיט זיי, נאָר עפענען מיט זיי די שפייכלערס און — נאָט, קינדערלעך, נעמט וואָס איר ווילט, און זאָל אייך וואויל באַקומען...

און אָט טאַקע אַ דאַנק אהרן קאַרלינס באַציאונג צום שרייבער אַליין, ווי צום שרייבערס וואָרט — האָט יעדער נומער „פעדער״, צי עס איז דערשינען אין צייט, צי מיט אַ פאַרשפעטיקונג — פאַרמאָגט אַ ספּעציעלע באַדייטונג, און געוועקט אינטערעס און בייגיר.

זיינע נאָטיצן און קלענערע אַרטיקלען זיינען בכלל, אויסער מיט טעמפּעראַמענט — געשריבן מיט ליבע צו דער יידישער ליטעראַטור און צו אירע שעפער. אויב ער איז אַמאָל צו שאַרף, און טאַקע אַמאָל אויך ניט גערעכט צו געוויסע שרייבער און ליטעראַטור־טוער, קויפט ער עס אויס מיט זיין איבערגעגעבנקייט צו שרייבער בכלל, און ענדלעך פאַרריכט ער אויך זיינע פעלערן און זיינע טעותן וואָס ער מאַכט אין באַצוג צו די אַנדערע, אים פרעמדערע אין גייסט. ענדלעך באַנעמט ער אויך זייערע כוונות און שלום ווערט געשלאָסן און דווקא מיט אַ שמייכל, מיט אַ ספּעציפיש קאַרלינישן שמייכל, וואָס מאַכט דעם קעגנער גלייך פאַר א. קאַרלינס אַן אָנהענגער, און אַ פריינד.

וועגן אַנדערע זייטן פון א. קאַרלינס כאַראַקטער, פון א. קאַרלינס ליטעראַטור־טועריי, פון זיין שריפטשטעלערישער און דיכטערישער טע־טיקייט וועלן מסתמא, צו דער געלעגנהייט פון זיין איגענעם יום־טוב און צום יום־טוב פון די „פעדער״, אַ שריפט, וואָס האָט אַריינגעטראָגן אַ סך לעבן, באַוועגונג, דינאַמישקייט אין דער נייער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, — וועלן דערציילן אַנדערע. אַ טייל, האָפן מיר, וועט דער לייענער געפינען אין דעם העפט גופא.

אין דעם פּרט קען מען אהרן קאַרלינען פאַרגלייכן צו יענעם וואָס איז אַ רבי און אַליין ניט קיין גרויסער למדן, איז אָבער מיט זיין ליבע צום פּשוטן מענטשן, צום בעל־מלאכה, טוט ער אויף וואונדער, טרייסט און מוטיקט.

מיר זיינען ניט קיין אָנהענגער פון רביים, אָבער אהרן קאַרלין מיט זיין באַציאונג צו ניט באַמערקטע טאַלאַנטן, איז אַמאָל אין דער זעלביקער מדרגה פון דעם „תהילים־ייד״, וואָס איז אַזוי מייסטערהאַפט געמאָלן אין שלום אַשס ראָמאַן מיטן זעלביקן נאָמען.

אמת, אין דער יידישער ליטעראַטור איז קאַרלין יאָ אַ למדן. פון

ליטעצקין, מענדעלען ביז דעם גייסטן שרייבער קען ער די יידישע ליטעראַטור אויפן דף. אָבער מיט זיין פּשטות, מיט זיין באַציאונג, מיט זיין ליבשאַפט צו נאָך ניט אָנערקענטע, און טאַקע צו אַרבעטער־דיכטער, ווי די שוין איצט באַרימטע לוי גאָלדבערג, י. ל. קאַלושינער און אַנדערע, — דערמאָנט ער אין אַזאַ מין רבין. איך האָף, אַז ער וועט זיך ניט באַליידיקן מיטן פאַרגלייך. דער תהילים־ייד אַלס סימבאָל פון תמימות, פּשטות און ליבשאַפט צום אָרעמען מענטשן קען זיך געפינען אין יעדן דור, ביי גאָר אַנדערע אומשטענדן.

אהרן קאַרלין איז דער „רבי" פון די וואָס דאַרפן אַליין נתגלה ווערן. איניקע, ווי שוין דערמאָנט, זיינען טאַקע דורך אים נתגלה געוואָרן און פראָוועז שוין אַליין טישן...

קיין פּדיונות אָבער, קיין נוצן פאַר זיין פירערשאַפט באַקומט ער נישט.

אויב יאָ אַמאָל — איז דאָס בלויז פאַר דער „פעדער" — די „פעדער" זאָל אַרויסגיין פאַרגרעסערט און פאַרשענערט.

און סיי ווי סיי דערמאָנט אהרן קאַרלין אויך דעם „תהילים־ייד" דערמיט וואָס אויך יענער, איז געגאַנגען זיך אַליין — מיט אַלע זיינע חסידים — מקבל־פּנים זיין, ניט ווייסנדיק, אַז דאָס גייט מען טאַקע אַנטקעגן אים.

איך גלויב, אַז ווען קאַרלין וועט לייענען דעם יובּיליי־נומער „פעדער", וועט ער אויך זיך וואונדערן און ניט וויסן, אַז מען איז דאָס טאַקע אים — דעם חשובן, תמימותדיקן אָבער וויכטיקן ליטעראַטור־טוער — מקבל פּנים.

---

ב. ריווקין

# יאָרן מעצענאַטיש ליטעראַרישע טעטיקייט פון אהרן קאַרלין

רעדאַקטאָר פון ליטעראַרישן זשורנאַל „די פעדער"

אָנגעהויבן האָט אהרן קאַרלין אַלס מעצענאַט־פינאַנסיר פון אַ זאַמלשריפט פון דער ערשטער גרופּע פון די דעמאָלטדיקע „יונגע". „טרוימען אוןווירקלעכקייט" האָט די זאַמל־שריפט געהייסן און י. אַדלער און יואל סלאָנים זיינען געווען אירע רעדאַקטאָרן. טעכניש איז די אויסגאַבע געווען שיין אַרויסגעגעבן — אַן אומגעוויינלעכע זאַך פאַר יענער צייט. די זאַמלשריפט האָט מיט איר אינהאַלט אַרויסגערופן אַן אמתן שטורעם. ל. מילער, דער רעדאַקטאָר פון דער „וואַרהייט" האָט געפונען פאַר נויטיק אָפּצוגעבן פיר אַרטיקלען פון זיין אייגענער פען — צו פינף שפּאַלטן, כדי אַרונטערצורייסן די „יונגע" און אַרונטערצושרייען די סכנה, וואָס רוקט זיך אויף דער יידישער ליטעראַטור. — די דעקאַדענטן גייען! — איז געווען זיין גוואַלט־געשריי.

קיין פּריוואַטער פאַרלעגער וואָלט קיין סענט ניט איינגעשטעלט אויף שרייבער, וואָס זייערע נעמען זיינען נאָך קיין פירמעס ניט, בפרט ווען זייער שרייבן רופט אַזאַ גרימצאָרן אַרויס. אָבער אהרן קאַרלינען איז אין

זינען ניט געלעגן צו ווערן אַ פאַרלעגער פאַר געשעפט־צוועקן. ער איז אויסגעשטאַנען אַלע הוצאות ניט דערוואַרטנדיק קיין סענט הכנסה. כאָטש אין זיין אייגן געשעפט האָט ער זיך געדאַרפט קלאַמערן אין יעדן סענט, כדי דאָס געשעפט צוזאַמענצוהאַלטן. אָבער ווען עס איז געקומען צו ליטעראַטור איז זיין האַנט געווען אָפן, און ער האָט קיין הונדערטער ניט געזשאַלעוועט, און קיין גרויסער נגיד איז ער דאַך, נאָך אַלעמען, ניט געווען.

אין 1910 גיט ער אַרויס דאָס ערשטע ביכל לידער פון ה. רויזענבלאַט, העלפט אַרויסגעבן דוד איגנאַטאָווס ערשט ביכל „צווײ קרעפטן". אַ פּאָר יאָר שפּעטער שטייט ער צו צו דער הומאָריסטישער צוויי־וואָכנשריפט „דער אידישער גזלן", וואָס י. אַדלער און משה נאַדיר האָבן זיך אונטער־גענומען אַרויסצוגעבן. ער האָט אין 1913 זיך פאַרמאָסטן נאָך גרעסער און גענומען אויף זיך צו זיין דער אַרויסגעבער פון דער „ליטעראַרישער וועלט" — אַ וואָכנשריפט רעדאַקטירט פון אברהם רייזען, אַ וואָכנשריפט מיט אַ סך פרישע און לעבעדיקע מעלות, אָבער ווידער אַמאָל אַן אַ געניטן געשעפט־פירער, וואָס זאָל מאַכן די אונטערנעמונג צאָלבאַר. דערציענדיק ביז נומער 16, די לעצטע נומערן שוין אונטער דער רעדאַקציע פון דעם נאָך גאָר גרינעם ב. ריווקין, איז די „ליטעראַרישע וועלט" אונטערגעגאַנגען, איבערלאָזנדיק דעם אַרויסגעבער אירן, אהרן קאַרלינען, „נקי", אָן אָן אײ־גענעם סענט.

פון זיין געשעפט האָט ער זיך שוין געהאַט אַרויסגעשלאָגן; זיינע ליטעראַרישע אינטערעסן האָבן אָפּגעטויט ביי אים יעדן חשק צו געשעפט. ער האָט איבערגעלאָזט אַלץ אויף הפקר און זיך פאַרשפּאַרט אין זיין ביב־ליאָטעק, וואו ער האָט צונויפגעזאַמלט אַלץ וואָס איז דערשינען אין יידיש און וואָס איז געווען פון אינטערעס פאַר אים אין ענגליש, נאָכפאָלגנדיק די ליטעראַרישע הערשיינונגען אין דער יידישער ליטעראַטור.

די ניו־יאָרקער „יונגע" זיינען פאַר דער צייט געוואָרן „אָפיציעלע ליטעראַטור". זיי זיינען שוין געזעסן מיט פריסטלעכע קרוינען און געטיילט סמיכות. זיי זיינען שוין אַליין געוואָרן אַ ליטעראַרישע ביוראָקראַטיע, פונקט ווי די אַלטע ביוראָקראַטיע, קעגן וועלכער זיי האָבן מיט עטלעכע יאָר פריער אויפגעהויבן זייער פּראָטעסט. און עס איז פונקט אַזוי שווער געווען צו זיי צוצוטרעטן, און זיי האָבן קאַרלינען מער ניט געצויגן.

אָבער אַז ס'איז באַשערט — ווערט, און ער באַקענט זיך מיט דער בראָנזווילער „יונגע" חברה, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום דער דאָרטיקער וואָכענבלאַט „פּראָגרעס", און ער האָט זיך פלוצעם ווידער דערפילט פריש און מונטער — אַ נייער קאַרלין. ער ווייס שוין איצט וואָס צו טאָן... זיי האָבן ווי געוואָרט איינע אויף די אַנדערע — קאַרלין און די בראָנזווילער גרופּע „יונגע".

די בראָנזווילער זיינען געווען די יינגסטע, און זיי זיינען געווען אַנדערש ווי די ניו־יאָרקער. אין זייער אָפּגעשיידנקייט פון ניו־יאָרק זיינען זיי געווען „בונטאַרן". זיי באַדאַרפן קיין סמיכות ניט און זיי גלויבן ניט אין קרוינען. און זיי ווילן ניט וואַרטן אויף אַנערקענונג פון אויבן. אין זעלבסט־אַנער־

קענונג און זעלבסט־דערקענטעניש ווילן זיי דערפילן זייער ליטעראַרישן באַרוף, אומאָפּהענגיק פון ניו־יאָרק!

קאַרלינען האָט עס אַ פּלאַם געטאָן. ער איז בטבע פאַר דעם בונט פון דעם יינגסטן. דאָס האָט קאַרלין אויך געזוכט ביי די ניו־יאָרקער „יונגע", ביז יענע זיינען געוואָרן אַ קאַסטע קעגן וועלכער מען דאַרף זיך בונטעווען.

נאָר בעת די בראָנזווילער „יונגע" האָבן זיך געקאָכט און געהיצט, דיסקוטירנדיק „בונט" און „אומאָפּהענגיקייט" און „זעלבסטבאַשטימונג" און די גרינדונג פון אַן אייגענעם זשורנאַל, איז קאַרלין געגאַנגען און האָט עס געטאָן: ער האָט געגרינדעט „די פעדער", טאַקע מיט די זעלביקע דיס־קוטאַנטן.

געלט? — דאָ איז קאַרלינען צוניץ געקומען זיין פאַרלעגערישע דער־פאַרונג. געלט דערלייגט מען דאָך סיי ווי סיי; וויפל הונדערטער מען זאָל ניט פאַרמאָגן, ווער דאָך זיין ניט גענוג. קאָן מען דאָך פּונקט אַזוי אָנהייבן מיט גאָרנישט, מיט די הוילע פינגער, אָן נגידים־מעצענאַטן. ער אַליין איז שוין גאָר קיין נגיד ניט געווען, און אַנדערש פון אַ מאָל איז אַ הונדערטער ביי אים שוין געווען אַ מטבע, וועגן וועלכער מען קען נאָר חלומען. נאָר אַ פעסטער באַשלוס דאַרף זיין — אַרויסגעגעבן זאָל זיין! און אַ קלאָר וויסן דאַרף זיין, אַז יעדן נומער וועט מען דאַרפן אָנהייבן מיט די הוילע פינגער, מיט די אייגענע אָרעמע סענטן פון די שרייבער אַליין. און דער וואונדער איז געשען: דער ערשטער נומער „די פעדער" איז אַרויס מיט די אייגענע אָרעמע סענטן פון די שרייבער אַליין, און צו דער איבער־ראַשונג פון דער בראָנזווילער גרופּע — דער צווייטער, דער דריטער, דער פערטער נומער אויך אַזוי. עס איז ביי קאַרלינען געווען — געזאָגט און געטאָן!

ווער האָט זיך געקאָנט גלייכן צו קאַרלינען? ווער האָט געקאָנט אַזוי אויסטאָן זיך פון זיך אַליין מיט לייב און לעבן זיך אָפּגעבן צו דער „פעדער"? ווער האָט געקאָנט מקריב זיין זיין גאַנצע צייט און זיין גאַנצע פּריוואַטע קאַריערע כדי צונויפשלעפּן דעם מאַטעריאַל און צונויפזאַמלען דעם קאַפּיטאַל אויף אויסצולייזן דעם נומער פון דרוקער. ווער וואָלט עס געטאָן? קיינער פון די בונטאַרעס וואָלט עס ניט געטאָן און האָט עס ניט געטאָן.

אַזוי האָט קאַרלין זיך פאַרקנסט מיט דער „פעדער" אין אַן אייביקן בונד, און עס איז געווען אַ געראָטענער שידוך, ער איז ווי צוגעמאָסטן געווען פאַר דער ראָלע. אַ רעדאַקטאָר מיט ליבשאַפט, מיט ברען, מיט תאווה. צווישן אונדז זאָל עס בלייבן — דער גאַנצער מענטש, דער גאַנ־צער שרייבער אין קאַרלינען איז איינגעשלונגען געוואָרן פון דעם. ווען ער האָט אָנגעהויבן איז ער געווען אַ פּאָעט, אַ פּאָעטישער איבערזעצער, צוגלייך מיט אַנדערע, וואָס האָבן שפּעטער זיך אַרויפגעאַרבעט צו ווערן אָנערקענטע פּאָעטן.

ווען זיין איבערזעצונג פון אָסקאַר ווילדס „באַלאַדע פון דער רעדינג־

תפיסה״ איז דערשינענ, זיינען קלמן מארמאר און באזונדערס חיים ליבער־מאן זיך פארגאנגען אין די הויכע טענער לויבנדיק די איבערזעצונג. עס האט צו זיי געקלונגען אזוי גוט ווי דער אריגינאל: געטריי און פריי. אן אנדער יונגער פאעט וואלט דא בתפעל געווארן פון זיך אליין און וואלט פארכאפט געווארן פון דער אמביציע צו ווערן דער גרעסטער פאעט־איבערזעצער ביי יידן. אבער קארלין האט זיך גאנצע פאעטישע אמביציע פארטאן אין רעדאקטארײ — עס איז אים פשוט ניט געבליבן קיין צייט פאר אייגענע שאפונגען.

קארלין האט צוגעגעבן אן אייגנארטיקן שטריך צו דער „פעדער״, פארענדערנדיק איר פיזיאנאמיע: ער האט צו דער „פעדער״ צוגעצויגן אויך עלטערע איינגעפונדעוועטע שרייבער, זיי זאלן אין איר זאגן זייער ווארט, כדי דורך זייערע נעמען און זייער ווארט זאל די „פעדער״ גע־שטארקט ווערן אין איר אויטאריטעט, אז אפילו דער ייִנגסטער זאל זוכה בגורל זיין דורך דער געהויבענער שכנהשאפט. די גדולים זאלן העלפן דעם אנפאנגער אריינטרעטן אין היכל פון דער ליטעראטור. אבער ניט סתם גדולים־שרייבער האט קארלין דערנענטערט צו דער „פעדער״ און ניט סתם א ווארט זאלן זיי זאגן. עס מוזן זיין אזעלכע שרייבער וואס האבן א ווארט צו זאגן. וואס איז ניט אין גאנג פון געוויינלעכע רייד, באר א ווארט, וואס וואלט ערגעץ וואו אנדעריש ניט געקאנט געדרוקט ווערן — מיט איין ווארט, א ווארט וואס דערקלערט א בונט קעגן עפעס אן אנגענומענעם גלויבן אדער אבערגלויבן.

אזוי איז אין „פעדער״ דערשינען חיים ליבערמאנס ביטערע נבואה אויף דער יידישער ליטעראטור, וואס האט ארויסגערופן א יידישע וועלט־דיסקוסיע. און וואס איז צוריקגעוויזן געווארן פון א זשורנאל וואו ליי־בערמאן איז געווען א בן־בית.

און אברהם רייזען האט געדרוקט נומער איין, נומער אויס, קריטיקן, וואס זיינען ברכות אויף צענדליקער טאלאנטן מיט אמאל. אין זיין ליבע צו דער יידישער ליטעראטור נעמט רייזען אפילו דעם קלענסטן ארום. וואו א שפריץ געבענטשט זאל ער זיין. און וואו א פגימה, דארף מען אויסגעפינען א מעלה, וואס זאל די פגימה צודעקן. קיין אנדער זשורנאל וואלט ניט געקאנט פארטראגן אזא אגולנע בענטשונג — דער הער רע־דאקטאר וואלט עס פשוט ניט פארגונען.

און דער שרייבער פון די שורות, כאטש ער רעכנט זיך ניט פאר קיין גדול, אבער א שרייבער אין די יארן, און במילא שוין מיט א שטיקל סטאזש — האט אין „פעדער״ פארעפנטלעכט ארטיקלען, וואס ווען ניט די „פעדער״ וואלט ער פון זייערטוועגן געדארפט גרינדן אן אייגענעם זשורנאל.

אזא איינס ווערן פון א מענטשן מיט א ליטעראךרישער אויסגאבע ווי „די פעדער״ איז א ביישפיל, וואס האט צו זיך קיין גלייכן ניט. אלע פריערדיקע יארן פון אהרן קארלינס ליטעראךרישע און ארויסגעבערישע טעטיקייטן זיינען איינגעשלונגען געווארן פון דער „פעדער״. זיי האבן צוגעגרייט קארלינען פאר דער ליבשאפט צום יידישן ווארט.

# אַ בינטל לידער

## אָוונט־לידער

צווישן טאָג און נאַכט,
זיץ איך אָפט אַליין פאַרטראַכט.
ס׳וואַכן אויף דאָן אַן אַ שיעור,
די זכרונות פון דער פריער —
קומען און פאַרשווינדן גלייך —
ווערן ווי די שאָטנס בלייך...

אָט באַווייזט זיך איינגעשפּאַנט:
דער איצט און שפּעטער, האַנט אין האַנט;
פרייד — און טרויער איינגעהילט,
זאָרג — און לוסטיקייט צעשפּילט.
ס׳איז דאַן צאַרטער מיין געהער —
טראַכט איך טיף און פיל נאָך מער...

## אַ מ אָ ל

אויב איך וועל שטאַרבן פריער פון דיר —
און דו,
וועסט מיט יאָרן שפּעטער,
נאָך אַנטרעפן אַ זאַך וואָס האָט געהערט צו מיר:
אַ קייטל, צי אַ שניפּס —
וועט דער בליק אויף דעם דערמאָנען דיך אַן מיר?
פילייכט;
און דאַך, ווי גיך מיר פאַרגעסן די וואָס גייען אַוועק פון אונדז...
נייע פּנימער שפּאַרן אַרויס די אַלטע
און מיר שפּרייזן האַפערדיק איבער פאַרגעסענע קברים...

## נ אַ כ ט

די געטרייע שוואַרצע דינערין
וויגט איין אויף איר טראַפּישן בוזים
די ערד צום שלאָף;
מיט שטילע שעהן, טוי און רו.
פון אומזעבאַרע בויגנס — זילבער־פיילן
פון לבנה, שטערן, שיקט זי אין דער לופט.
די דורכזיכטיקע לופט ווי אַ שיינער חלום
רייניקט אָפּ דעם שטויב
פון רוישיקן, טומלדיקן טאָג.
כ׳צי זיך איין אין מיין אינעווייניקסטן לעבן —
ביז ווידער איך דערהער ס׳האַרץ פון דער וועלט...

## עס וועט נאָך...

עס וועט נאָך אַ צייט, אַ ליכטיקע צייט קומען
און ברענגען אונדז פרייד אין דעם לעבן. —
דעם אומעט פון הארצן פאַריאָגן
און ברענגען נאָך האָפענונג און שטרעבן...

עס זאָגן מיר אָן דאָס: דער ים מיט זיין רוישן,
די זינגענדע פייגל אין גאָרטן;
און וואו נאָר מיין בליק פאַלט — אויף ווערטער
פייערדיק געשריבן, דערזע איך עס דאָרטן.

דאָס זאָגן מיר אָן אויך די שטערן אין הימל —
די זון מיט איר גאָלדיקן גליען;
און אויך — די נאָך יונגע צאַרט־פילנדיקע קינדער,
וואָס שפּראָצן ווי בלומען און בליען.

## די שוואַכע פרוי...

די פרוי איז שוואַך, ווערט אַלץ דערקלערט,
און זי, זי לאַכט פאַרשטעלט —
זי ווייסט: ווען נאָר איר קול זיך הערט
און מיט איין בליק, ווען זי באַגערט,
אַ שקלאַף איר ווערט דער העלד.

די שטאַרקע, הייסע מענער ברוסט
וואָס וויל ניט זיין געשטילט
פון ליידנשאַפט און ווילדער לוסט,
פון אירם אַ בליק געקושט,
מיט ליבע ווערט ער אָנגעפילט.

די גאַנצע וועלט אין ליידנשאַפט,
פאַר איר, דער פרוי, זי קניט;
צו איר געהער די גאַנצע קראַפט,
צו איר געהער וואָס־וועער עס שאַפט,
צו איר געהער מיין ליד.

---

דאָס זיינען קאַרלינס ערשטע צוויי לידער געדרוקט אין „די ליטעראַרישע וועלט”, נומער 8 און נומער 11, ניו־יאָרק, פרייטאָג, יאַנואַר 31 און פעברואַר 21, 1913.

טערניווקע איז דער נאָמען פון אהרן קאַרלינס געבוירנשטעטל. אויס באַשיידנקייט און דרך ארץ צו אברהם רייזען און יידישן וואָרט האָט קאַרלין זיך אונטערגעשריבן אַ. טערניווקער.

## ד י נ אַ כ ט

איך האָב געליבט און ליב דאָס ליכט
פון טאָג וואָס שיינט גאַנץ העל,

דאָך איז די נאַכט אויך נאָענט מיר,
גאַנץ נאָענט צו מיין זעל.

ווען אַלץ ווערט שטיל, און אומעטום
זיך לייגט דער אָוונט-שיין
פאַרגנבעט זיך אַ שטילער טרוים
צו מיר אין האַרץ אַריין.

איך טרוים מיר דאַן מיין שטילן טרוים
פון קיינעם נישט געשטערט,
און זינג מיר אויס דאָס שענסטע ליד
פון קיינעם נישט געהערט...

# ווען ליבע זאָל קומען

אויב ליבע זאָל ווען אויך אַמאָל צו מיר קומען,
אין האַרצן און אין מיינעם, אין שטילן, און שטומען,
צו פלאַנצן געפילן דאָרט שיינע ווי בלומען,
וואָלט איך זי באַגעגנט דאַן פּראַקטיק און שטום?
ווייל ס'אָרט האָט ביי מיר גאַר פון לאַנג שוין פאַרנומען
אַ שטרעבונג נאָך כבוד און וועלטלעכן רום? —
ווען ליבע זאָל קומען?

ווען ליבע וואָלט קומען,
וואָלטן אירע בקשות אויך געגאַנגען פאַרלאָרן
פאַר מיר, און כ'וואָלט נישט געפילט קיין באַדויערן?
און וואָלט איך געזאָגט איר: איך בין נישט געבוירן
פאַרשווענדן אין ליבע יאָרן און טעג:
איך שטרעב נאָך דאָס ווייטע, וואָס טוט לאַנג געדויערן
פאַר איר איז קיין אָרט דאָ נישט מער אויף מיין וועג.
ווען ליבע זאָל קומען?

ווען ליבע וואָלט קומען
וואָלט איך וואָגן צו שטעלן זיך איר דאַן אַנטקעגן,
און זאָגן איר ביטער: קום קיינמאָל נישט רעגן
אין האַרץ מיר דאָס בלוט, איך וועל קיינמאָל נישט נייגן
מיין אויער צו ליבע, מיין האַרץ איז ווי שטאָל;
וואָלט שפּעטשען דאָס שטרעבן: איך קען אין די וועגן,
מיין ליבע, נישט גיין קיין איינציגעם מאָל?
ווען ליבע זאָל קומען?

---

# דער שותף צום שאַפן

ניט יעדער איז בלויז פאַרמאָגט אַ מתנה,
וואָס קען זיינע ווערטער באַלעבן
און ווי מיט אַ כישוף געדאַנקען, חלומות,
אַ גוף און נשמה זיי געבן.

נאָר יעדער באַזיצט אויך פון גאָט אַ מתנה,
וואָס קאָן אויף דעם ווערק זיך פאַרגאַפן
און זוכן דעם זין, דעם שאַפערס כוונה —
ער ווערט אויך אַ שותף צום שאַפן.

# וועלט

וועלט, איך קום צו דיר און בעט:
מאַך נרץ פון מיר —
גיב מיר פּלאַץ אין דיין גרויסער היים.

ספרים פון יחוסדיקן שטאַם —
פאַרכישופן מיך מיט זייערע סודות,
פאַרגאַפן מיך די וואונדער פון חער שאַפונג —
און איך טויג זיך ווייניק אוים צו באַדינען און געפעלן —

שטיל איין דאָס געזאַנג אין מיין האַרץ,
פאַרפלאָנטער די סטרונעס —
אַ מייסטער זאָל זיי ניט קענען אָנשטימען —
און מאַך נרץ פון מיר, וועלט! —

# רוף מיך קינד ...

רוף מיך קינד! —
רוים עס איין מיר אין חער שטיל,
איך וועל האָבן דאָס געפיל
אַז איך בין נאָך יונג אַצינד...
ס'האָט דאָס וואָרט אַ צויבער־קראַפט
אויפצואוועקן קרובהשאַפט,
אין זכרון'ס לאַבירינט —
צו חעם ליבן, ליבן קלאַנג,
וואָס איך האָב געהערט שוין לאַנג:
„קליינטשיק קינד".

רוף מיך קינד! —
איך וויל הערן אָט דעם „שפּרוך"
וואָס האָט מאַכט, — העם בייזן פלוך,
וואָס די צייט אַלץ שפּינט און שפּינט,
אויפצולייזן ווי אַ שוים

און פאַרוויגן אין אַ טרוים
אַז איך בין אַ קליינטשיק קינד,
וואָס לויפט אַרום מיט לייכטע טריט
און עס ווייסט פון גאָרנישט־נים.
— האָט קיין זינד...

רוף מיך קינד! —
איך וועל ווייגען שטילערהייט
און זיך וויקלען אין דיין קלייד,
ווי אַ פּיעשטשידיגעס קינד,
וואָס פאַרלאַנגט — עס ווייסט נישט וואָס...
גיב מיין שטערן דאָן אַ קוש,
ווי אַ מוטער — צאַרט און לינד,
וועט דאָס ווי אַ באַלזאַם זיין,
צו מיין ווייטיק און מיין פּיין,
וואָס זיי נאָגן מיך אַצינד...
רוף מיך קינד!

# גאַרונג

ווי אַ וואַנדערער אַ מידער
אין אַ מדבר, פאַלט אַנידער
אויף דער הייסער זאַמד פון ווייטן
פילנדיק אַ לוסט צו זען
וואו אַן אָרט, אַ פלאַץ אַ קילן,
צו באַהאַלטן זיך, פאַרהילן
פון חער זונס, די הייסע פלאַמען
און ער זוכט וואו וואַסער־שטראָמען,
לעכצנדיק אַ טרונק אַ קאַלטן,
זיין נשמה צו דערהאַלטן. —
אַט אַזוי מיין האַרץ, דאָס טריבע,
בענקט און לעכצט, גייט אויס נאָך ליבע...

# וואַנדערלוסט

איך מוז אַוועק פון הויז און שטאָט,
פון אַלץ וואָס איז מיר אייגן;
עס רופט צו מיר דער וואַנדער־גאָט,
דער גאָט פון פרייע וועגן...

איך קען נישט זיין דאָ מער אַ טאָג,
מיין האַרץ פאַרגייט פון בענקען —
דאָס גאַנצע האָב וואָס איך פאַרמאָג,
מיט פרייד וועל איך צעשענקען...

צעריי‌סן וועל איך אָט די קייט,
וואָס האַלט מיך דאָ געפאַנגען —
צעריי‌סן שטאָלץ דאָס לעצטע קלייד,
דעם ווילן און פארלאַנגען...

און וואַנדערן פון אָרט צו אָרט,
אויף בערג און אויך אין טאָלן —
וואו קיינער האָט געטראָטן דאָרט
און קיינער ניט געמאָלן...

## זיי

זיי האָבן געוואַגט!
אַליין,
זיינען זיי אוועק פאַרויס
אויף אומבאַקאַנטע וועגן...
זייערע פאָנען
פלאַטערן, ווי אָדלער פליגל,
אַרויף צו דער זון...
זייער מוטיקער רוף איז:
פאָרויס! פאָרויס! פאָרויס!
לאָמיר האָבן מוט —
און מיטגיין מיט זיי!
לאָמיר נעמען שיפן און שווימען!
לאָמיר נעמען עראָפּלאַנען און פליען!
לאָמיר האָבן מוט —
און וואָגן!
ניט פרעגנדיק וואוהין?
און ניט וואָרום...



**אַ גרופּע מיטאַרבעטער פון דער „פעדער"**

(פון רעכטס צו לינקס): אַ. ראַפּאַפּאָרט, מ. שיפּריס, נ. קאַגאַן, י. הורוויץ, ב. י. קליין, ה. לעדער, א. לוצקי, א. קאַרלין, מ. סאָרגין, ז. העלער, ל. קאַלושינער, לוי גאָלדבערג

## אברהם רייזען

# אַ דאָפּלטער יובילײ

איך האָב דעם כבוד אויך צו זיין אַ מחותן אויף די בײדע פײערונגען, סײ פון דעם זאַמלבוך „טרוימען און ווירקלעכקייט", סײ — און אוודאי — פון דער „פּעדער" אונטער דער רעדאַקציע פון מיין פריינד און קאָלעגע — דעם יובילאַר אהרן קאַרלין.

שוין ביי מיין ערשטן מאָל קומען קיין אַמעריקע, ביים אָנהייב פון 1909, האָב איך שוין געוואוסט, אמת נאָך ניט גענוג, אַז דאָ אין אַמעריקע גייט אָן אַ קאַמף פון יונג און אַלט — אין דער יידישער ליטעראַטור און פּרעסע, וואָס ביי אונדז יידן זיינען זיי ביידע כמעט איינס און דאָס זעלביקע; אין דער פּרעסע, אַפילו אין דער טעגלעכער, האָבן פאַרעפנט־לעכט דאָ, ווי אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד — די יידישע שרייבער זייערע בעסטע שאַפונגען. דער קאַמף איז פאַרגעקומען ביי וועמען כלומרשט, ביי וועמען טאַקע באמת אויפריכטיק — וועגן די אידייען און פאָרמען פון דער ליטעראַטור בכלל. אין אמתן איז אויך אַב. קאַהאַן, דער רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", אין יענער צייט געווען אַ „נאָוואַטאָר" מיט זיין פאָדערן עכטקייט אין דער ליטעראַטור און דעם קינסטלערישן רעאַליזם. די ערשטע יונגע האָבן אָבער, דערצויגענע שוין אויף דער נייערער רוסישער ליטע־ראַטור, דער עיקר אויף איר פּאָזיע — שוין זיך אַריינגעלאָזט אין דע־קאַדענץ, כלומרשטן סימבאָליזם א. ד. גל. פאָרמען און ריכטונגען, וואָס זיינען געווען מער אין מאָדע, ווי מאָדערן. אַגב, דאָס עכטע אין דער ליטע־ראַטור איז שטענדיק מאָדערן! אָבער, צום גליק, האָבן די „יונגע" באַלד זיך באַפרייט פון דער השפעה פון די רוסישע „סימבאָליסטן"...

א. קאַרלין מיט זיין שוין דעמאָלטיקער ליבשאַפט, ווי אַליין אַ פּאָעט — צו דער יידישער ליטעראַטור און טאַקע צו איר יונגע דיכטער, צו די אָנהייבער אַפילו, האָט שוין דאַן מיט זיינע באַשיידענע מאַטעריעלע מעג־לעכקייטן — סובסידירט און טאַקע מיטגעווירקט ווי אַן אַרויסגעבער, וואָס דאָס איז דומה לרעדאַקטאָר ניט נאָר ביי קאַרלינען, נאָר ביי דעם מערסטן טייל אַרויסגעבער — און עס איז דעמאָלט דערשינען דאָס זאַמל־בוך „טרוימען און ווירקלעכקייט", אונטער דער רעדאַקציע פון די דיכטער י. אַדלער און, אים צו לאַנגע יאָר, דעם דעמאָלט פלאַמיקן יונגן דיכטער יואל סלאָנים. איך ווי דאַן אַ גאַסט אין אַמעריקע בין איך איינגעלאַדן געוואָרן אָנטייל צו נעמען מיט אַ ליד... איך האָב די איינלאַדונג שטאַרק אָפּגעשעצט און איינגעשטימט און געגעבן מיט פריידן — אַ ליבע־ליד, וואָס אַזאַ מין איז אייביק ביי און מאָדערן... אין „טרוימען און ווירקלעכקייט", דערשינענע אין אָנהייב 1909, האָט אויך אָנטייל גענומען — אונדז צו לאַנגע יאָר — דער דעמאָלט נאָר־וואָס אָנגעקומענער אין אַמעריקע, דער יונגער ב. וולאַדעק, ע"ה. באַרימט מער ווי אַ גרויסער רעדנער, ווי אַן אָראַטאָר, מיטן טיטול דער „יונגער לאַסאַל", איז ער, ווי באַוואוסט — אויך געווען אַ הויך באַגאַבטער און גייסטרייכער שרייבער און דיכטער. פאַר זיין

קליינער עסיי, וואָס האָט טאַקע געטראָגן דעם טיטול פון זאַמלבוך — צוליב דעם זאַמלבוך — „טרוימען און ווירקלעכקייט" — האָט ער, אויב ניט דער איינציקער — באַקומען זיין ערשטן, אמת, קליינעם האָנאָראַר אויפן אַמעריקאַנער באָדן, וואָס דער אַרויסגעבער, דער דיכטער אהרן קאַרלין, האָט אים מיט כבוד דערלאַנגט... דערמיט אַליין באַקומט שוין דער זאַמלבוך „טרוימען און ווירקלעכקייט" אַ ליטעראַטור־היסטאָרישן באַ־דייט — בפרט, אַז אויסער אָט דער וויכטיקייט, וואָס ב. וולאַדעק ע"ה האָט ביים אַרויסגעבן פון „טרוימען און ווירקלעכקייט" באַקומען, אין 1909, זיין ערשטן האָנאָראַר אין אַמעריקע — האָט „טרוימען און ווירקלעכקייט", אַרויסגעגעבן פון אהרן קאַרלין, נאָך אַנדערע גרויסע זכיות און באַדיי־טונגען, וואָס זיי וועט שוין גענויער דער היסטאָריקער פון דער אַנטשטיי־אונג פון דער יידישער נייער ליטעראַטור אין אַמעריקע אויספאָרשן, און עס וועט זיין כדאי.

„די פעדער", אָנפאַנגס אַלס מאָנאַטשריפט, איז אויך געווען מיט אַ מער ברייטערער פּראָגראַם, ווי בלויז פאַר טאַלאַנטפולע אָנפאַנגער און פאַר „יונגע"... די „יונגע" אַלס גרופּע האָבן זיך, אייגנטלעך, ביי דער גרינ־דונג פון דער „פעדער" שוין ניט גענויטיקט אַזוי שטאַרק אין אַ נייעם זשורנאַל. זיי האָט שוין געהערט, ווי מיר געדענקט זיך, דער זשורנאַל „ליטעראַטור און לעבן", וואָס איז איבערגעגאַנגען פון זייער ענגער גרופּע — צו ד"ר פאַרנבערגן, אַלס אַן אַרויסגעבער. אויסער זייערע איינ־האַלטסרייכע און טאַקע רייך אַרויסגעגעבענע זאַמלביכער, וואָס האָבן שוין זיי, די יונגע, באַקאַנט און אַפילו באַליבט געמאַכט אין איראָפּע — ביי די, וואָס האָבן זיך אינטערעסירט מיט דער נייער יידישער ליטעראַ־טור אין אַמעריקע — און ווער — פון אונדזעריקע — האָט זיך דאַרטן דען ניט אינטערעסירט!

אהרן קאַרלין, אונדזער באַליבטער יובילאַר — אָנגעהויבן אַליין מיט אָריגינעלער דיכטונג, פאַרעפנטלעכט זיינע אייגענע לידער אין „אַרבעטער", אונטער דער רעדאַקציע פון דוד פּינסקי, און אין אַנדערע דעמאָלטיקע צייטשריפטן, צי אין דער „פעדער" גופא — האָט דערצו און דערעיקרשט באַרייכערט די יידישע פּאָעזיע מיט אַ צאָל מייסטערהאַפטע איבערזעצונגען פון דער ענגלישער פּאָעזיע, ווי — צום ביישפּיל — „די ראָב", „עלדאָ־ראַדאָ", „אַנאַבעל לי", „די גלעקער" — פון עדגאַר עלען פּאָ, „די באַלאַדע פון רעדינגער תּפיסה" — אויך דערשינען אין בוך־פאָרם — פון אָסקאַר וואַילד. דערצו איז אַ. קאַרלין אַ קענער פון פּאָעזיע בכלל. עס זיינען ווייניק דאָ ביי אונדז אַזעלכע גריבלער, בפרט על מנת שלא לקבל פּרס — אין ענגלישע זשורנאַלן, ווי אהרן קאַרלין, וואָס זוכט־אויף אין זיי, אין די אַלטע ענגלישע זשורנאַלן, די שענסטע עסייען וועגן פּאָעזיע, וועגן מהות פון דער פּאָעזיע און אַ מאַנכע עסיי זעצט ער איבער און פאַרעפנט־לעכט אין דער „פעדער", כדי טאַקע זיינע יונגע מיטאַרבעטער, די אָנ־פאַנגער, זאָלן זיך נאָך בעסער לערנען, נאָך מער וויסן וועגן דאָס אייביקע אין דער פּאָעזיע...

ס'הייסט אָבער ניט, אַז קאַרלין איז ניט געטריי זיין אידעאַל פאַר דאָס נייע אין דער פּאָעזיע און צו העלפן די נייע פּאָעטן אַרויסצושייגען מיט זייערע שאַפונגען אין דער וועלט...

וואו דען האָט זיך געדרוקט א. לוצקיס ערשטע — שיר ניט אינזי־כיסטישע ליד „אין אַ לייבערערי" — האָט זי געהייסן — נאָכדעם ווי ער איז געקומען פון יענער זייט ים, פון פראַנקרייך און פון די טראַנשייען... „אַנדערש" איז געוואָרן זיין לאָזונג... און זיין ערשט ליד — די אַנ־דערשדיקע איז געווען טאַקע אין דער „פעדער" פאַרעפנטלעכט... נאָכדעם האָבן זיך שוין געוויזן נייע לידער אין די זאַמלהעפטן „פּאָעזיע", רעדאַקטירט פון ה. בודעלמאַן, באַשטימט בלויז פאַר די מאָדערנע, די אַנדערשדיקע, וואו דער איצט באַרימטער דיכטער יעקב גלאַטשטיין האָט דעביוטירט מיט עכט נייע, פריידיקע, דערקוויקנדע לידער — ביז עס איז דערשינען די מאַנאַטשריפט „אין זיך" — פאַר די סאַמע מאָדערנע, וואו עס האָבן אונ־טער דער רעדאַקציע פון יעקב גלאַטשטיין, א. לעיעלעס און נ. ב. מינקאָוו — אַנטייל גענומען אַ טייל דאָן אַזוי־גערופענע אינזיכיסטן — אינטראָ־ספעקטיוויסטן, מיט די צוגעקומענע יונגע פּאָעטן פון דער זעלביקער שולע...

„די פעדער" איז אָבער געגאַנגען איר וועג... מיט אַ העכסט מאָ־דערנע ליד פון לוצקי, האָט א. קאַרלין געדרוקט אויך אַ סעריע לידער פון דעם שרייבער פון די שורות, אָדער לאָמיר זיין ביי אַ יום־טוב אינ־טימער — פון מיר גופא... אוודאי האָט א. קאַרלין פאַרלאַנגט, אַז אויך זיי — די לידער מיינע פאַר דער „פעדער" זאָלן זיין, ווי עס פּאַסט זיך פאַר דער „פעדער". האָב איך אוודאי דאָס רוב געפאָלגט — בפרט מיט יאָרן צוריק, ווען מען איז באמת געווען יונג, און איך היט נאָך אַפּ עד־היום, ווי ווייט מעגלעך, דאָס געבאָט, יונג צו זיין...

נאָר ניט דערפאַר אַליין איז ביי מיר דער יובילײ פון דער „פעדער" אַ גרויסער יום־טוב... דער עיקרשט צוליב מיינע ייִנגערע און יונגע קאָלעגן, וואָס האָבן זיך אַנטפּלעקט מיט זייערע לידער אין דער „פעדער" און איצט לייענען מיר זייערע שאַפונגען אין די בעסטע וואָכנשריפטן און מאָנאַטשריפטן — פון דער איביק יונגער „פרייער אַרבעטער שטימע", נייערער „ניו־יאָרקער וואָכנבלאַט" — ביז דער סאָלידער, געהויבענער מאָנאַטשריפט „די צוקונפט" און ביז דער פיל ייִנגערער „יידישע קולטור". אויסרעכענען די אַלע פּאָעטן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער דאָזיקער יובילײ־פייערונג, איז אין אַן אַרטיקל, פאַר אַ יובילײ־העפט „פעדער" — ניטאָ גענוג פּלאַץ... איך וויל בלויז דערמאָנען די סאַמע געטרייע, וואָס האָבן אַלע מאָל — סיי ווען „די פעדער" איז דערשינען מאָנאַטלעך, סיי ווען זעלטענער — דערפאַר אין גרעסערע העפטן, אין זאַמלביכער — געדינט דער „פעדער" מיט זייערע שאַפונגען. צווישן זיי די איצט, טייל־ווייז אַ דאַנק דער „פעדער" גופא — באַקאַנטע און מאַנכע באַרימט גע־וואָרענע נאָוועליסטן, עסייאיסטן און דיכטער, דער גייסטרייכער הומאָריסט און טאַלאַנטפולער דערציילער ב. י. קלין; דער מאָדערנער עסייאיסט

און קריטיקער, מיטן אויסערגעוויינלעך ראַפינירטן סטיל און מיט דער גרויסער פּשטות אין דער זעלביקער צייט, — משה וויטיעס (ד״ר מ. סאַרגען); דער איצט גרויסער דיכטער א. לוצקי, דער אויטאָר פון צווי וואונדערלעך אָריגינעלע ביכער, ליריש־פילאָסאָפישע ווערק, ווי „אומעטיק און פריילעך", און „בראשית אינמיטן"... דער טיפער, איגנאַרטיקער און ליריש־עפּישער פּאָעט און באַלאַדן־שאַפער לוי גאָלדבערג; דער געפילפולער, פּאַרטרוי־מטער דיכטער, און דער מייסטער פון דער יידישער סאָנעט, י. ל. קאַלושינער; דער באַקאַנטער נאָך ווי איינער פון אַ גרופּע טאַלאַנטפולע פּאָעטן אין לאָדזש — דער באַקאַנטער און עכטער פּאָעט, וואָס רופט זיך אָפּ מיט פּראָטעסט אויף אַלע אומרעכט, וואָס עס געשעט אין דער וועלט, און דיכטער פון דעם ליד פאַר דעם יידיש־קינד, ה. ראַדושיצקי.

אין דער „פעדער", ניט געקוקט וואָס איינינקע פון די לייטנדיקע טאָנגעבער אין דער יידישער ליטעראַטור — האָבן קעגן איר געפירט „גדלות", האָט אָבער יעדער יידישער שרייבער אַ שטאַרקן חשק אַריינצוקומען מיט זיינס אַ שאַפונג; און זיי קומען טאַקע אַריין — פון די עלטסטע ביז די יינגסטע, פון די קלאַסישסטע ביז די מאָדערנסטע — ווער מיט אַ ליד, ווער מיט אַ פּראָזע־ווערק: אַן עסיי, אַ פּובליציסטיש אַרטיקל א. ד. גל. אויף אַזאַ אופן האָבן אַוודאי אָנטייל גענומען אין דער „פעדער" אויך שרייבער פון קלאַסישן באַדייט, באַרימטע עסייאיסטן, קריטיקער, פּאָעטן, דערציילער — צווישן זיי מיט אַזעלכע גרויסע נעמען, ווי ב. ריווקין, פּסח מאַרקוס, חיים ליבערמאַן, ד״ר צבי כהן, מ. י. חיימאָוויטש, נחום י., י. י. טרונק, שרה רייזען, דוד איינהאָרן, די אומפאַרגעסלעכע דענקער און וואָרט־קינסטלער ד״ר אברהם קאַראַלניק, משה נאַדיר — זייער וויכטיקע און באַרימטע שרייבער, — וואָס צוליב מאַנגל אין פּלאַץ — וועלן מיר וועגן זייערע גלענצנדיקע לייסטונגען פאַר דער „פעדער" שרייבן — מיט פאַרערונג — אין די וויטערדיקע העפטן, צו זאַמלביכער „פעדער"...

דאָ זיינען מיר אויסן צו באַגריסן „די פעדער" איבערהויפּט — אַ צייטשריפט, וואָס איז דערעיקרשט באַליבט געוואָרן ביי די שרייבער גופא, און דאָס איז דער בעסטער סימן פאַר אַ צייטשריפט בכלל. „די פעדער" איז אַגב — גענומען אינגאַנצן — אַ מין געשיכטע פון דער נייערער ליטעראַטור, אַ דאַנק אירע רייכע ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונגען, וואָס זי, „די פעדער", האָט איינגעפירט און עס אָפּגעהיט ביז היינטיקן טאָג... און, לאָמיר האָפן, וועט עס אָפּהיטן אויך ווייטער — אַ דאַנק איר רעדאַקטאָר אהרן קאַרלין, וואָס, ניט געקוקט אויף דער גרויסער סימפּאַטיע צו אים פון זיינע מיטאַרבעטער און פון אַ צאָל שרייבער בכלל — טראָגט ער איינער אַליין די לאַסט און פליכט פון אויפהאַלטן זי — מיט הייליקער איבערגעבנקייט!

---

ב. ריווקין

# דער זכות פון די פעדער

„די פעדער" האָט פאַר די 25 יאָר פון איר עקסיסטענץ דורכגעמאַכט אַן איינגנאַרטיקע קאַריערע. לכתחילה אַ דינע חודש־שריפט. און וואָס עלטער זי איז געוואָרן, אַלץ דיקער איז זי געוואָרן, ביז זי האָט אָנגענומען איר איצטיקן אויסזען פון אַ דיקן בוך. אָבער זי איז נאָך עלטער פון 25 יאָר. ווען זי איז געבוירן געוואָרן אַלס חודש־שריפט אין 1919, האָט זי שוין געהאַט אַ יחוס הינטער זיך: זי האָט פאַרביטן פאַר איר רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער אהרן קאַרליבען, זיין וואָכנשריפט „די ליטעראַרישע וועלט", פון וועלכער ער איז געווען דער אַרויסגעבער, און אברהם רייזען דער רעדאַקטאָר. און שפּעטער האָבן זיי ביידע, רייזען און קאַרלין, מיר איבערגעגעבן די רעדאַקציע. במילא בין איך אויך שוין געוואָרן אַ בן בית ביי איר יורשטע „די פעדער". געהער איך אויך צו דער „פעדער"־משפחה. און עס איז מיין אָנגענומענע משפחה־פליכט אַרויסצוהייבן אַ ריי מעלות פון דער „פעדער".

ערשטנס, דינט „די פעדער" אברהם רייזענען ווי אַ היים־זשורנאַל — וואָס ער האָט געדאַרפט טאָן יעדע וואָך און יעדן טאָג און ער טוט עס טאָקע מינדלעך — אויפפּאַסן אויף דעם גאַנג פון דער יידישער ליטעראַטור, טוט ער עס אָפּ מיט איין מאָל שריפטלעך אין אַ נומער „פעדער". ווי אַ כהן, בענטשט ער די שפע פון דער יידישער ליטעראַטור, מיט ספּעציעלער אויפמערקזאַמקייט צו די יונגע און יינגסטע, וועלכע קריגן פון אים זייערע קבלת־פּנימער, איידער נאָך די קריטיק דערוויסט זיך וועגן זיי — צו דער טובה פון די געבענטשטע, צו דער טובה פון דער ליטעראַטור און צו דער טובה פון קינפטיקן היסטאָריקער, וואָס אַ דאַנק רייזענען וועט קיין טאַלאַנט פון אים ניט פאַרזען ווערן.

צווייטנס, האָט „די פעדער" מיט איר אייגענעם רצון געגעבן און גיט אַ ליטעראַרישע היים צו היימלאָזע יונגע שרייבער, איידער נאָך אַפילו רייזען האָט זיי געבענטשט בפרהסיה. היימלאָז ניט אַזוי צוליב יוגנשאַפט, ווי צוליב דעם, וואָס זייער שרייבן איז „היימלאָז" — „אויסער אָרדענונג" — און זיי האָבן נאָך ניט פאַרדינט גענוג איינצושאַפן זיך אַן אייגענע דירה. אָדער היימלאָז, ווייל זייער שרייבן איז „אומלעגאַל". איך אַליין האָב אין דער „פעדער" געדרוקט זאַכן, וואָס צוליב זייער „עזות־פּנימדיקייט" וואָלטן זיי ערגעץ וואו קיין פּלאַץ ניט געקאָנט געפינען. מיט אָט דער פונקציע אירער צו געבן אַ היים צו היימלאָזע האָט „די פעדער" גרויסע פאַרדינסטן: זי האָט דורכגעבראָכן אַ פרייען אייגטריט אין דער ליטעראַטור פון אַ היפּשער צאָל שריפטשטעלער. ווייל איך דאָ אַרויסהייבן אַ ספּעציעלן פאַרדינסט פון דער „פעדער"2„2 זי האָט אַרויסגעפירט:

**משה וויטיעס**—דער קריטיקער־עסייאיסט—באַוואָפנט מיט לומדישן וויסן און אַקאַדעמישער שולונג אין דער וועלט־ליטעראַטור — ער האָט פּלאַטאָ, שאָפּענהויער, געטהע, עמערסאָן און סעינט־בעוו אויף זיינע שפּיץ־פינגער — וואָלט פאַר אַזאַ איינעם גאָר ניט געדאַרפט זיין אַזוי לייכט צו איבערזעצן זיין רייכן פאַרמעגן אין אַ לייכטן, וויכן יידיש. נאָכפאָלגנדיק זיינע קריטישע עסייען אין דער „פעדער", זעט מען, ווי גראַדנוויז ער האָט זיך אויסגעאַרבעט דעם רייכסטן, סענסיטיווסטן יידישן קריטיק־סטיל. און ווידער, מיט גאַנצע ליטעראַטור־ביבליאָטעקן אין זיין זכרון, וואָלט מען געדאַרפט דערוואַרטן, ער זאָל זיך פאַררייסן מיט זיין ביכער־קענטניש. איז עס פּונקט פאַרקערט. אין זיין עסיי „בוך און לעבן" פירט ער דורך דעם געדאַנק, אַז אויב מען האָט ניט געהאַט קיין אייגענע לעבנס־דער־פאַרונגען, קאָן מען קיין בוך ריכטיק ניט לייענען: — „אַ מענטש איז זיך אַליין שולדיק דעם ערשטן חוב צו קומען אין באַריר מיטן לעבן פון דער ערשטער האַנט". — „נישט פאַראַן פאַר אַ מענטשן קיין העכערער ציל ווי פריער פון אַלץ געוואויר צו ווערן וועגן די תוך־פּראָבלעמען און גרונט־באַדינגען פון זיין אייגן לעבן". — „דער זשעדנער לייענער, אָן אַ רייך אייגן לעבן הינטער זיך, אַ לייענער וואָס יאָגט זיך ווי די גאַנצע ביכער־וועלט אין זיך אַריינצונעמען, וועט פאַרזען די סובטילע, פאַרבאָרגענע שיינקייטן פון דער ליטעראַטור". זיין עסיי „די מעלה פון פאַרגעסן" איז ספּעציעל געצילט קעגן אַ געוויסן טיפּ קריטיקער — די קאָפּ־מענטשן, די „אַלץ ווייסער". עס איז בעסער, זאָגט ער, צו פאַרגעסן די אויסגע־לערנטע פון ביכער דעטאַלן, כּדי לאָזן אָנקוועלן די אייגענע אינטואיציע.

זיין אייגענער קריטיק שטעלט ער צוויי תנאים: ערשטנס, דערגיין וויפל נייער מענטש־אינהאַלט דער שריפטשטעלער האָט אויסגעראַנגלט דורך אייגענער איבערלעבונג; צווייטנס, אין וואָס פאַר אַ פאָרם דער נייער אינהאַלט האָט זיך אויסגעגאָסן — וואָס איז דער סטיל. סטיל איז ניט קיין צוגאָב צום אינהאַלט. סטיל איז ניט אָפּצושיידן פון דער פערזענלעכ־קייט פון שריפטשטעלער. אָן סטיל איז גאָר קיין קונסט ניטאָ. אָנווענדנ־דיק זיין מעטאָד אויף אַ קאָנקרעטן שריפטשטעלער — אויף אברהם רייזען, צ. ב. ש. — האָט ער געמאַכט אַ ריי אַנטדעקונגען, וואָס האָבן גלייך גע־צויגן אויפמערקזאַמקייט מיט זייער איבעראַשנדיקער פרישקייט. נאָך אייך גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן אַ גאַנצן שטח פון דער יידישער ליטעראַטור — און זי וועט געבן משה וויטיעסן אַ דיפּלאָם אויף אַן אָריגינעלן קרי־טיקער.

---



עדווין מארקהאם

# דער מאַן מיט דער סאַפּע

דאָס דאָזיקע ליד האָט דער דיכטער עדווין מאַרקהאַם, אָנגעשריבן נאָכדעם ווי ער האָט געזען דאָס מאָלערישע בילד פון דזשין פרענסיס מילעט: „דער מאַן מיט דער סאַפּע".

אין אַן ענטפער צו די קריטיקער און פּאַרטייטשער פון זיין ליד זאָגט דער דיכטער אין איין שטעל: „נאַטירלעך דאַרף דאָס ליד ניט געשאַצט ווערן אַן צו האָבן אין זינען דאָס בילד פון דעם מאָלער אין דער זעלבער צייט". די קריטיק האָט דאָס ליד אָנגערופן: „דאָס געשריי אויף טויזנט יאָר".

איינגעבויגן מיט דער משא פון יאָרהונדערטער שטייט ער
אָנגעשפּאַרט אויף זיין סאַפּע און גלאָצט אויף דער ערד.
דער אומזין פון די דורות אויף זיין פּנים
און אויף זיין רוקן — די לאַסט פון דער וועלט.
ווער האָט אים טעמפּ געמאַכט צו פרייד און צער?
אַ בריאה וואָס טרויערט ניט און האָפט קיינמאָל;
דום און אומגעלומפּערט, אַ ברודער צו דעם אָקס?
ווער האָט אים אויסגעצויגן זיין בהמה־מאָרדע?
וועמעס האַנט האָט אים איינגעפּלעטשט דעם שטערן?
וועמעס אָטעם האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט פון מח?

איז דאָס דער ווען װעמען גאָט האָט באַשאַפן
און איבערגעגעבן די הערשאַפט איבער לאַנד און ים?
צו פאַרשן די שטערן און דרינגען אין די הימלען; —
צו פילן די פריידן פון אומענדלעכקייט?

איז דאָס דער חלום פון אים, וואָס האָט באַשאַפן זונען
און אָנגעצייכנט זייערע וועגן אין די אומבאַוואוסטע הויכן?
אין אַלע שטורעמן פון גיהנום ביז אין לעצטן תחום
איז ניט פאַראַנען קיין מער שרעקלעכער געשטאַלט פון אים —
קיין פולער מויל מיט אָנקלאָג קעגן וועלטס בלינדן גיר.
אָנגעפילט מיט בייז מער אָנזאָג פאַר דער נשמה —
מער אָנגעלאָדן מיט וואָרנונג פאַרן אוניווערס.

וואָס פאַר אָפּגרונטן צווישן אים און די שרפים!
אַ שקלאַף צו דער ראָד פון אַרבעט, וואָס גייען אים אָן
פּלאַטאָ, און דער שוואונג פון די פּלעיאַדן?
וואָס גיין אים אָן די הויכע גרייכ־פּונקטן אין ליד;
דער שפּראָץ פון מאָרגנרויט, דאָס בליען פון דער רויז?
אין זיין שרעקלעכן געשטאַלט זעען זיך די ליידנדיקע דורות;
אין זיין געבויגענעם רוקן ליגט די טראַגעדיע פון די צייטן;
פון זיין פורכטבאַרן געשטאַלט שרייט די מענטשהייט,
אַ פּאַראַטענע, אַ געפּלינדערטע און אַ פאַרשוועכטע
אין אַ פּראָטעסט צו די פירער פון דער וועלט,
אַ פּראָטעסט וואָס איז אויך נבואה.

אַ, הערשער, לאַרדן און רעגירער אין אַלע לענדער,
איז דאָס אייער השגה וואָס איר ווייזט פאַר גאָט,
אָט די שרעקלעכע באַשעפעניש מיט אויסגעלאָשענער זעל?
ווי אַזוי וועט איר אַמאָל אויסגלייכן זיין צעקרומטן קערפּער;
אים אָנקניפּן ווידער אין דער אייביקייט;
צוריקקערן אים דעם בליק אַרויף און דאָס ליכט,
אַריינגעבן אין אים געזאַנג און דעם טרוים;
רעכטמאַכן די אומפאַרגעסלעכע שענדלעכקייטן,
גוואַלטיקע עוולות, אומהיילבאַרן צער?

אָ׳ הערשער, לאַרדן און רעגירער אין אַלע לענדער,
ווי אַזוי וועט זיך די צוקונפט חשבונען מיט אָט דעם מאַן?
ווי אַזוי וועט זי פאַרענטפערן זיין גרויזאַמע פראַגע —
אין יענער שעה פון אויפשטאַנד, וואָס וועט צעטרייסלען די וועלט?
וואָס וועט דאַן ווערן מיט קעניגרייכן און מיט קעניגן —
מיט אַלע די וואָס האָבן אים געבראַכט צו דער מדרגה —
ווען דער תמעוואַטער ריז וועט ענטפערן צו גאָט...

נאָך דעם שטילשווייגן פון די יאָרהונדערטער?

עדגאַר אַלען פּאָ

# אַנאַבעל לי

ס׳איז מיט פיל און פיל יאָרן צוריק געשען,
אין אַ לאַנד ביי אַ ים — ניט הי,
האָט געלעבט דאָרט אַ מיידל, איר נאָמען געווען —
איר מעגט עס וויסן, איז אַנאַבעל לי;
און געלעבט האָט דאָס מיידל מיט קיין אַנדער געדאַנק —
ווי צו ליבן נאָר מיך און איך — זי.

איך בין אַ קינד און זי איז אַ קינד
געווען דאָרט ביים ים — ניט הי,
נאָר געליבט האָבן מיר זיך, נאָך מער ווי געליבט,—
איך און מיין אַנאַבעל לי.—
מיט אַ ליבע וואָס ס׳האָבן מקנא געווען
די מלאכים — מיך און זי.

און דאָס איז די סיבה געווען, וואָס אַמאָל,
אין דעם לאַנד ביי דעם ים — ניט הי,
איז אַרויס אַ ווינט פון אַ וואָלקן און האָט
שטאַרק פאַרקילט האָן מיין אַנאַבעל לי
אַזוי אַז איר קרוב איז געקומען צוגיין
און צוגענומען פון מיר זי,
צו באַהאַלטן אין אַ קבר
אין דעם לאַנד ביי דעם ים — ניט הי.

די מלאכים, ניט האַלב אַזוי גליקלעך ווי מיר,
האָבן מקנא געווען מיר און זי —
יאָ! — דאָס איז די סיבה געווען, ווי איטלעכער ווייס
אין דעם לאַנד ביי דעם ים — ניט הי
וואָס אַ ווינט איז אַרויס פון אַ וואָלקן ביינאַכט,
און פאַרקילט, געטויט דאָן מיין אַנאַבעל לי.

נאָר אונדזער ליבע געווען איז פיל שטאַרקער ווי די ליבע
פון עלטערע פיל מער ווי מיר —
פון קליגערע פיל מער ווי מיר —

אַז ניט די מלאכים אין הימל פון אויבן
אַהער שדים עט אונטער דער טיף,
קענען שיידן אונדז ביידן, מיין זעל פון דער זעל,
פון דער רייצנדער אַנאַבעל לי:

די לבנה אין רוים, ברענגט מיר תמיד דעם טרוים,
פון מיין רייצנדער אנאבעל לי;
און אין שטערן־שיין העל, זע איך לייכטן די זעל,
פון מיין רייצנדער אנאבעל לי;
און א יעד־אוונט־צייט, לייג איך זיך ביי דער זייט,
פון מיין ליבער, מיין ליבער וואס רוט דארטן ווייט,
ביי דעם רוישנדיקן ים — ניט הי.

---

עדגאר עלען פאָע

# די ראָב

היינטיקס יאָר איז געוואָרן 189 יאָר זינט עדגאַר עלען פאָע איז געבוירן געוואָרן. די אַמעריקאַנער און די ענגלישע צייטונגען און זשורנאַלן האָבן געשריבן און שרייבן צו דער געלעגנהייט, וועגן אים זייער פיל. זיין ליד „די ראָב" האָט אים באַזונדערס באַרימט געמאַכט.

„די פעדער" האָט אין איר ערשטן נומער (מיט 49 יאָר צוריק) געדרוקט „די ראָב" פון עדגאַר עלען פּאָע, אין דער איבערזעצונג פון אהרן קאַרלין. צו דער איצטיקער געלעגנהייט דרוקן מיר איבער די „ראָב" מיט פּאָר בעסערונגען פון איבערזעצער.

געוויינלעך ווערט דאָס ליד „די ראָב" געדרוקט אין לאַנגע שורות מיט צוויי גראַמען אין איין שורה. מיר האָבן אָבער אויך געזען אַן ענגלישע אויסגאַבע וואו דאָס ליד איז געדרוקט אַזוי ווי מיר גיבן עס דאָ.

די דאָזיקע איבערזעצונג איז געווען געדרוקט אין „קאַנאַדער אָדלער" אונטער דער רעדאַקציע פון ראובן בריינין ע"ה.

איינמאָל אין אַ מיטנאַכט, אַ פאַרצאָגטער,
ווען איך האָב זיך, אַ פאַרזאָרגטער,
איינגעטיפט אין אַלטע שריפטן
וואָס מען זעט שוין איצט ניט מער
און געגומען לייכט איינדרימלען,
האָט וואָס פלוצים שטיל, געגומען צו
טומלען, איידל אָנגעהויבן קלאַפּן,
קלאַפּן אין מיין טיר וואָלט ווער;
„ס'איז אַ גאַסט, האָב איך געמורמלט,
קלאַפּט דאָס אין מיין טיר, וואָס קומט
אַהער —
בלויז נאָר דאָס און גאָר ניט מער".

איך געדענק נאָך קלאָר אַצינדער:
ס'איז געווען אַ נאַכט אין ווינטער,
יעדער פונק אין זשאַר באַזונדער,
האָט געשפּרייט אַלץ שאָטנס מער...
כ'האָב מיט אַנגסט געגאַרט דעם
מאָרגן,
און געזוכט — אומזיסט, צו באָרגן
פון די ביכער טרייסט צו זאָרגן —
זאָרגן נאָך דעם שאָדן שווער;
נאָך דעם זעלטן שיינעם מיידל:
מיין לענאָר, וואָס איך פאַרער —
וואָס זי לעבט שוין איצט ניט מער.

און דער זיידן־שאָרך און מינען,
פון די פורפורענע גאַרדינען,
האָט אויך אָנגעפילט מיט שרעקן
מיין פאַנטאַזיע, מער און מער,
אַז מיין האַרץ האַלט נאָך אין שלאָגן,

ביז איך האָב געגומען זאָגן:
„ס'איז אַ גאַסט וואָס קומט צו יאָגן,
זוכן איינטריט דאָ אַהער;
ס'איז געוויס אַ גאַסט, אַ שפּעטער,
וואָס וויל איינטריט דאָ אַהער —
בלויז אָט דאָס און גאָר ניט מער".

דאָס האָט איינגעשטילט מיין רעגונג,
און איך האָב געזאָגט מיט נייגונג
„הער, צי דאַמע, ווער עס איז דאָרט,
מיין פאַרגעבונג בעט איך זייער;
כ'האָב גראָד דאַן לייכט איינגעדרימלט,
ווען איר האָט דאָרט שוואַך געטימלט,
ביי מיין טיר און האָט געגריבלט
און געקלאַפּט אין איר; איך שווער:
כ'האָב אָט איצט, נאָר וואָס, דערהערט
איירָ,
עפנדיק די טיר אַלץ מער; —
פינצטערניש — און גאָר ניט מער...

אין דעם חושך, אין דעם דיקן,
האָב איך אָנגעשטרענגט די בליקן
און געזען דאָרט שרעקנס־בילדער,
וואָס קיין מענטש האָט ניט מער;
נאָר קיין זאַך האָט ניט געבראָכן
אַלץ די שטילקייט, בלויז געקראָכן
ווי פון חושך, ווי געשפּראָכן
דאָס איין וואָרט: „לענאָר!" ניט
מער.
דאָס, האָב איך געמורמלט —
עכאָ האָט געבראַכט עס צום גע־
הער —
בלויז אָט דאָס און גאָר ניט מער.

אומגעקערט זיך צוריק אין צימער,
מיט מיין ברענענדיקן קימער,
האָב איך באַלד דערהערט אַ קלאַפּן,
עטוואָס העכער נאָך, און מער.
„זיכער", האָב איך געזאָגט, „זיכער
איז דאָס
אַז ביים פענצטער זיין דאָרט מוז וואָס;
לאָמיך זען ווער זשע איז דאָס?

זאָל ניט זיין קיין צווייפל מער —
זיי מיין האַרץ זשע שטיל אַ ווײַלע
דאָס געהיימניס זיך דערקלערט: —
„ס'איז דער ווינט און גאָרניט מער".

אויפגעפּראַלט דאַן האָב איך אָפן,
ברייט, דאָס פענצטער, נאָר געטראָפן
האָט אַז גאָר אַריינגעפלויגן
איז אַ ראָב, אַ שוואַרצער, שטאָל־
צער;
ניט באַגריסט מיך מיט קיין בויגונג,
ניט געמאַכט קיין שום פאַרבויגונג,
נאָר מיט גראַציעזער באַוועגונג
זיך פאַרקליבן דאָ אַהער;
אויבן אויף אַ בילד פון פּאַלאַס,
אויף דעם גזימס פון טיר, אַן
שטער —
זיך באַזעצט, און גאָר ניט מער.
ס'האָט מיר אַזש געבראַכט אַ שמייכל
אויף די ליפּן, אָט דער שכל
און די העפלעך־ערנסטע האַלטונג
פון דעם פויגל שוואַרצער;
„כאָטש דיין טשוב איז קורץ גע־
שוירן",
האָב איך געזאָגט: „געבוירן
ביזטו דאָך בלויז אומצולויערן
אין געהיימע פלעצער זייער —
זאָג מיר דיין געערטן נאָמען
אויף דעם נאַכטיק־שוואַרצן מעער",
געענטפערט האָט זי: „קיינמאָל מער".

שטאַרק באַוואונדערט דאַן דעם
מיאוסן
פויגל, האָב איך פאַר זיך שמועסן,
כאָטש אַלס ענטפער האָט עס וויניק —
וויניק וואָס באַדייט, איך שווער;
ווייל מיר מוזן דאָך איינגיין
אויף דעם אמת, אַז געזען
קיין שום מענטש האָט נאָך ניט שטייך,
אַ פויגל אויף אַ ביוסט, איך קלער —

פויגל, חיות, אויף געשניצטע ביוסטן
פון א דאַמע אָדער הער.
מיט א נאָמען: „קיינמאָל מער“.

דאָך האָט אַלץ די ראָב געשפּראָכן
דאָס איין וואָרט, אומאונטערבראָכן,
גלייך ווי זי וואָלט ווי אויסגעגאָסן
אין דעם וואָרט איר האַרץ־באַגער;
מערער האָט זי ניט געוואָרטשעט,
און קיין פעדער ניט געקאָרטשעט,
ביז איך האָב אין וויי געמורמלט:
„קיינע פריינט האָב איך ניט מער —
מאָרגן וועט זי מיך אויך פאַרלאָזן
ווי די האָפנונג מיינע ביז אַהער“.
געזאָגט די ראָב האָט: „קיינמאָל
מער“.

שטוינענדיק אויף דער געשטערטער
שטילקייט, אַלץ דורך אירע ווערטער,
האָב איך זיך געזאָגט: אָט די פראַזע,
קאָן זי בלויז, און גאָר ניט מער;
אויפגעכאַפּט וואו אין א צימער,
ביי א מאָדנעם אייגנטימער:
וואָס זיין שיקזאַל אַלץ, זיין שלימער,
האָט פאַרפאָלגט אים גרויזאַם
שווער —
ביז דאָס קלאָגן אויף זיין גורל
איז געוואָרן טרויעריק מער,
אַלץ פון קיין — און קיינמאָל מער.

נאָך די ראָב האָט מיט דעם „ליגן“
אַלץ געטאָן מיין מוט באַזיגן.
צוגערוקט האָב איך א סאָפע
איר אַנטקעגן, גרויס און שווער;
און געזעצט זיך דאָרט צו הערן
יעדעס וואָרט באַזונדער, קלערן,
טרעפן דאָך דעם מיין, דעם שווערן,
אויפגעוואָרפן מער און מער
פון דער קליינער, שוואַרצער
קליפּה —
וואָס האָט זיך פאַריאָגט אַהער

און וואָס מיינט, איר קראַקען:
קיינמאָל מער.

דאָרט בין איך אַזוי געזעסן
און קיין זילבע ניט פאַרגעסן
פון דעם פויגל, וועמענס אויגן
ס'האָבן מיך געפּייניקט שווער; —
דאָס און נאָך האָב איך געצויגן
דורך מיין דמיון, עס געוואויגן,
און מיין קאָפּ אויף אָנגעבויגן
אויף דער סאָפע, מער און מער,
וועמענס פּיאַלעטער סאַמעט,
ס'האָט פון ליכט געשימערט זייער,
זי, דאָרט זיצן, וועט ניט מער.

פלוצים האָט מיר אויסגעדוכטן,
אַז דאָס הויז איז פול מיט דופטן
פון געווירצן, וואָס מלאָכים
האָבן אָנגערויכערט שווער.
„אָרימער“ האָב איך געשריגן,
„ס'האָט דיין גאָט זיי דיר געליגן
אָט די ריחות — צו פאַרוויגן
דיך אין רו איצט, ווי געהער;
אָטעם, אָטעם איין ביז שכור
און געדענק לענאָר ניט מער“!
געזאָגט די ראָב האָט: „קיינמאָל מער“.

נביא, זאָג איך: „אומגליקס סימן, —
נביא דאָך, צי ראָב, צי דעמאָן! —
צי ביסט געשיקט מיך צו פאַרפירן,
צי פאַרוואָרפן ביזט אַהער,
איינזאַם דאָ, דאָך אומדערשראָקן
אין דעם צוויבער־לאַנד פאַרלאָקטן —
אין דעם הויז פון שלעק געפלאָג־
טן, —
זאָג דעם אמת מיר, דערקלער!
איז נאָך דאָ באַלזאַם אין גלעד?
זאָג מיר, זאָג מיר, פּלאָג ניט מער!
געזאָגט די ראָב האָט: „קיינמאָל
מער“.

נביא, זאָג איך: „אומגליקס סימן! —

נביא, דאָך, צי ראָב צי דעמאָן! —
ביי דעם הימל און באַשעפער,
וואָס אויך דו און איך פאַרער;
זאָג דעם הארץ געפּלאָגט פון ליידן,
צי איך וועל כאָטש אין גן־עדן
ליב צוטוליענען דאָס מיידל,
וועם מלאָכים ליבן זייער —
מיין לענאָר וואָס איך פאַרער?"
געזאָגט די ראָב האָט: „קיינמאָל
מער".

„זאָל דאָס זיין דיין אָפּשייד־צייכן!"
האָט מיין קול געטאָן זיך הויכן,
„קער צוריק זיך אין די תהומען
פון דעם חושכדיקן מעער!
לאָז ניט איבער דאָ קיין שווארצן
צייכן פון דיין פאַלשן הארצן,
אויפצורירן מיינע שמאַרצן! —
און מיין איינזאַמקייט ניט שטער! —
צי אַרויס דיין שאַרפן שנאָבל
פון מיין הארץ, און ווער ניט מער! —
געזאָגט די ראָב האָט: „קיינמאָל
מער".

און די ראָב אַלץ, אין מיין צימער,
זיצט נאָך אימער, זיצט נאָך אימער
אויף דעם בלייכן ביוסט פון פּאַלאַס
אויבן אויף מיין טיר, אָן שטער;
און די אויגן אירע דאַכטן
אויס, ווי שדים ווען זיי טראַכטן,
און דאָס לאָמפּ־ליכט וואַרפט אויף
פלאַכטן,
שאָטנס פון איר בילד אַלץ מער;
און מיין גייסט פון אויס דעם שאָטן,
וואָס שווימט אום אין חושך־מעער —
זיך דערהויבן וועט ניט מער!

---

## וואלט וויטמאַן

# נאָכדענקענדיק אין שטילקייט

נאָכדענקענדיק אין שטילקייט, זיך ווענדנדיק צו מיינע לידער,
באַטראַכטנדיק זיי, ווײַלנדיק אַ לאַנגע צייט —
איז אַ גייסט פאַר מיר דערשיינען,
מיט אַן אומצופרידענעם אויסזען,
שוידערלעך אין זיין שיינקייט, עלטער און מאַכט,
אָנשטעלנדיק אויף מיר זיינע אויגן ווי פלאַמען,
צייגנדיק מיטן פינגער אויף פיל אומשטערבלעכע לידער,
וואָס ער האָט מיט אַ דראָענדיקער שטים געזאָגט: וואָס זינגסטו?
ווייסטו ניט, ס'איז פאַראַן בלויז איין טעמע
פאַר אייביק־דויערנדיקע דיכטער?
און דאָס איז די טעמע פון קריג, דאָס מזל פון מלחמות,
דאָס שאַפן פון פאָלקאָמענע סאָלדאָטן!

זאָל זיין אַזוי, האָב איך געענטפערט,
אויך איך, העזהדיקער שאָטן, זינג פון קריג — און פון
אַ לענגערער און אַ גרעסערער פון וועלכער עס איז,
אָנגעפירט אין מיין בוך מיט אָפט בייטנדיקן מזל —
אויפשטייג, אָנגריף און צוריקטריט — דער זיג אומבאַשטימט,
וואַקלדיק,

(דאָך, אַ זיכערער, אָדער אַזוי גוט ווי זיכער צו ענד)
דאָס פעלד — די וועלט ; פאַר לעבן און טויט —
פאַר דעם חומר און פאַר דער אייביקער נשמה,
יאָ, אויך איך בין געקומען זינגען דאָס געזאַנג פון מלחמות,
איך, מער ווי אַלע, שטעל צו בראַווע סאָלדאַטן.

---

וואָלט וויטמאַן

# אַ שטערן פון פראַנקרייך!

דאָס ליד פון וואָלט וויטמאַן איז דערשינען אין אַ זשורנאַל אין יאָר 1871 — נאָך דער פרייסיש־פראַנצויזישער מלחמה און דער קאַטאַסטראָפע פאַר פראַנקרייך.
רעדאַקציע

אַ שטערן פון פראַנקרייך!
די העלקייט פון דיין רום, קראַפט און פרייד,
ווי אַ שטאָלצע שיף וואָס האָט געפירט די פלאָטע אַזוי לאַנג,
איז איצט באַשעדיקט, געוואָרפן פון שטורם — אַ מאַסטלאָזע קופע.
און אין איר אינגעווייד, אַ ווילדע, האַלב דערטרונקענע מאַסע —
קיין עלטסטער, קיין קאַפּיטאַן.

מאַט, געשלאָגענער שטערן!
אָרביט ניט פון פראַנקרייך אַליין — בלאַסער סימבאָל פון מיין נשמה, איר טייערסטע האָפנונג.
דיין קאַמף און די מוטיקייט — הייליקע גלוסטונג נאָך פרייהייט.
שטרעבונגען נאָך דעם ווייטן אידעאַל — ענטוזיאַסטישע טרוימען פון ברידערלעכקייט,
שרעק צו טיראַנען און פריסטער.

אַ שטערן געקרייציקטער! פאַרקויפטער פון פאַררעטער!
שטערן צאַנקענדיקער איבערן לאַנד פון טויט — העלדיש לאַנד!
מאָדנע, ליידנשאַפטלעך, נאָכקרומענדיק, לייכטזיניק לאַנד!

אומגליקלעכע! דאָך וועל איך דיך פאַר דיינע פעלערן, פוסטקייט און זינד איצט ניט מוסרן;
דיין אומפאַרגלייכלעכער צער און פיין האָבן זיי אַלע אָפּגעווישט און דיך הייליק געמאַכט —
מיט דעם וואָס אַלע מיט דיינע פעלערן צילסטו תמיד צו דער הויך;
מיט דעם וואָס דו וועסט זיך אין אמתן ניט פאַרקויפן ווי גרויס דער פרייז;
מיט דעם וואָס דו וועקסט זיך געוויס אין דיין באַטויבנדיקן שלאָף מיט געוויין:
מיט דעם וואָס דו אַליין צווישן דיינע שוועסטער, דו ריזין, האָסט זיך נוקם געווען אין די וואָס האָבן דיך פאַרשעמט;
מיט דעם וואָס דו קאָנסט ניט, דו וועסט ניט טראָגן קיין קייטן ווי אַנדערע —

דער קרייץ, דיין טויטלעך פנים, דיינע דורכגעשטאָכענע הענט
און פיס,
די שפיז געזעצט אין זייט.

אָ, שטערן! אַ שיף פון פראַנקרייך, צוריקגעהאַלטענע און לאַנג
געגאַרטע!
האַלט אָן, אַ געטראָפענע ראָד! אַ שיף, האַלט אָן דיין גאַנג!

אָט, ווי די שיף פון דער גאַנצער ערד אַליין,
די שאַפונג פון טויטלעכן פייער און טומלדיקן כאַאָס,
זעצט אַרויס פון זיך איר ספאַזם פון וואוט און אירע סמ'ען,
און דערשיינט לסוף אין פולקאָמענער גבורה און שיינקייט,
אין איר ריכטונג, פאָראויס, אונטער דער זון,
אַזוי אויך דו, אַ שיף פון פראַנקרייך!

געענדיקט די טעג, די כמאַרעס צעטריבן,
פאַראיבער דער מאַטער, די לאַנג געגאַרטע אויספלאַנטערונג,
און אָט, ווען ניי געבוירן, הויך איבער דער אייראָפייאישער וועלט,
(מיט צופרידנקייט אָפענטפערנדיק, ווי פנים צו פנים פון ווייטנס
אָפשפיגלענדיק אונדזערס, קאָלאָמביאַ),
אויפשטייגן דיין שטערן, אַ פראַנקרייך — דיין העל גלאַנציקער
שטערן,
אין הימלישער רו, קלאָרער, ליכטיקער ווי תמיד,
אויף אייביק, אומשטערבלעך.

ר. גראַנאָווסקי

## כאַראַקטעריסטיקן פון ידישע שרייבער
## אהרן קאַרלין

אהרן קאַרלין איז אַן אייגנאַרטיק געשטאַלט אין אונדזער ליטעראַרי־שער סביבה; זיין פיגור, אַן באַזונדערע כאַראַקטער־שטריכן פון שריי־בערשן אויסזען, איז אַ היימישע צווישן שרייבער.

זיין דעביוט האָט ער געמאַכט מיט יאָרן צוריק, ווען ער האָט אָנגע־זאַמלט, פון מסחר, אַ פּאָר טויזנט טאָלער און איז געוואָרן דער מעצענאַט פון דער נייער יידישער ליטעראַטור. נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלוירן זיין געלט, האָט ער זיך ניט אומגעקערט צוריק צום האַנדל, אָפּזוכן זיין פאַר־לוסט. נאָר ער איז געבליבן אין אָרעמען ווינקל פונעם ליטעראַרישן אוצר...

ער האָט זיך אָפּגעריסן פון אַ גרויסן טייל איינגעוואָרצלט לעבן. זיך אָפּגעטיילט פון משפחה און זיך איבער־געפלאַנצט אויפן פעלד פון דער יידישער ליטעראַטור. ער האָט פאַרברענט הינטער זיך אַלע בריקן פון עקזיסטענץ און חיונה. אָפּגעטרייסלט זיך פון פראַקטישער בירגערלעכקייט, ווי אַ נזיר.

ער האָט זיך פאַרקליבן ערגעץ אין אַ קוואַרטאַל פון דער גרויסער שטאָט ברוקלין, אין אַן אָרעמען געגנט, וואו קיינער קען אים נישט, און

דורך טונקעלע קאָרידאָרן האָט מען זיך מיט מי קוים געקענט דערשלאָגן צו זיינע צימערן וואו ער האָט געוואוינט. און צימערן האָט ער שטענדיק אָנגעהאַלטן, ווייל ער איז ניט געווען אַליין, ער האָט געהאַט אַ שותף די יידישע ליטעראַטור. טאָג טעגלעך האָט ער געזאַמלט ביכער, יידישע און ענגלישע, בראָשורן און זשורנאַלן, נייע, אַלטע און אַנטיקן.

אין יעדן ווינקל, פון די צימערן, איז געלעגן דער גרויסער טייל פון זיין אָרעמען גייסטיקן פאַרמעגן. אַזוי אַז מען האָט ניט געקענט וויסן ווער ביי וועמען עס וואוינט — אין אמתן האָט ער געוואוינט ביי דער ליטע־ראַטור אין שכנות.

קיינער האָט ניט געוואוסט וואו ער וואוינט, חוץ אַ פּאָר היימלאָזע דיכטער און געציילטע אייגענע מענטשן, וואָס פלעגן קומען שפּעט ביינאַכט אים אויפוועקן פונעם ערשטן דרימל, און ער פלעגט אונטערטעניק פאַר זיי עפענען די טיר און זיי זיינען אויך געוואָרן שותפים צו זיין געלעגער. ער האָט ניט פּראָטעסטירט, פאַרקערט: ער איז דערנאָך געשמאַקער גע־שלאָפן — וויסנדיק אַז זיי אורחים האָט ער שוין אויך באַשטאַט.

מערערע מאָל טרעפט מען קאַרלינען שפּעט ביינאַכט אין די ליטע־ראַרישע קאַפעען וואו ער חברט זיך מיט גאָר יונגע דיכטער, בעלי־חלומות, וועמענס שטרעבונג איז זיך צו אַנטפּלעקן פאַר דער וועלט. און אין דער צייט פון ליטעראַרישן עלענט דערמוטיקט ער די יונגע מיט האָפענונג און פלענער ווי אַזוי זייער ביי וואָרט צו פאַרעפנטלעכן; ווי אַזוי דעם פאַרוואַק־סענעם וועג אָפּצוראַמען...

מיט זיין עקשנותדיקן אויסדויער, מיט זיין געמיטלעכער, וואַרעמער באַציאונג; מיט זיין שטענדיקן מיען זיך פאַרן יידישן ליטעראַרישן וואָרט, האָט ער געוואונען זייער צוטרויען און ליבע. און אַלע האָבן זיך געוואַ־רעמט אונטער זיינע פליגל ביז זיי זיינען אויסגעוואַקסן און זיך אויפגע־הויבן און אַוועקגעפלויגן.

קאַרלינס גרייטקייט צו קאָרעגירן אָן אָנפאַנגערס דיכטונג, דערגייט אָפט צו אַ מאַניע. ס׳שווער זיך פאַרצושטעלן אַ מאַנוסקריפּט, וועמענס קוואַליטעט פון פאַלקאָמענהייט זאָל זיין פאַר קאַרלינען, דעם „פעדער״־רעדאַקטאָר, צופרידנשטעלנדיק, ער זאָל אים ניט דאַרפן רעדאַקטירן, פאַרריכטן, איבערמאַכן. — לייענט אים אַ דיכטער פאַר אַ ליד, שטייט שוין קאַרלין אָנגעברייט מיט דער גראָבער פאַונטן־פען, צו פאַלמעסן די זאַך.

ער טוט זיין אַרבעט בשלמות, מיט דער איבערגעגעבנקייט פון אַ פרומען מענטשן וואָס דערוואַרט עולם הבא פאַר זיין מי. אָבער ביי קאַר־לינען טוט זיך דאָס אינסטינקטיוו — אויס ליבשאַפט צו דער נייער יידי־שער ליטעראַטור.

צוקוקנדיק ווי קאַרלין ווערט פאַרטאָן אין די „שאַפונגען״ פון די נייע טאַלאַנטן, וועמען ער גייט ערשט „אַרויספירן״, דוכט זיך אויס אַז ער ווערט אַריינגעבראַכט אין אַ גלויבן, אַז דאָס זיינען זיינע אייגענע שאַ־פונגען. און אַז נאָכן אָפּדרוקן די לידער דאַכט זיך אים אַז די אַלע נייע דיכטערישע נעמען, זיינען זיינע פּסעוואָנימען.

קאַרלין איז אַ היינטמאָדישער קנעלער וואָס האָט הנאה פון פירן אַ ליטעראַרישן חדר — ניט לשם פּרנסה, ווי דער אַמאָליקער מלמד, נאָר לשמה; ווייל ליטעראַטור איז אים אַ נאָענטער ענין. קלעפּן טאַקע אַרום אים תמיד נייע טאַלאַנטן מיט אַמביציע זיך צו באַווייזן פאַר דער וועלט מיט זייערע שאַפונגען. אויך עלטערע, שוין לאַנג אָנערקענטע שרייבער, וועמען עס האָט דערעסן די וואָכעדיקייט און שטויב פון דער „פּרעסע“, קומען פון צייט צו צייט אין קאַרלינס ווינקל אָפּפרישן די נשמה אויפן פעלד פון שיינער ליטעראַטור.

די „פּעדער“ איז דער טערמאָמעטער פון קאַרלינס שטימונג. ווען זי, „די פּעדער“, פאַרשפּעטיקט אַמאָל מיט דערשיינען אין צייט, זעט קאַרלין אויס ווי די לאַסט פון דער וועלט וואָלט אויף אים געלעגן. אַ מידער, אַ פאַרשעמטער, שלעפּט ער זיך כמעט אַ שולדיקער מיט אַ פאַרוואָלקנט פּנים אַריין אין דער שרייבער קאַפע. ווען מען גיט אים אַ פרעג: קאַרלין, וואָס הערט זיך? הויבט ער אויף די טרויעריקע אויגן און גיט אַ זאָג: — מענטשן זאָלן ניט פאַרשטיין וואָס מען טוט פאַר זיי! זיי זיינען שוין גרויס געוואָרן ביי זיך. „די פּעדער“ איז שוין כמעט פאַרטיק, נאָר עס פעלט נאָך אַ פּאָר טאָלער, דאַרף איך אַרומלויפן זיי זוכן...

אָבער באַלד זאָגט ער גוטמוטיק: די טעג וועט זי אַרויס — עס האָט זיך פאַרצויגן צוליב טעכנישע אורזאַכן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז שוין קאַרלינען ניט צו דערקענען. די בלאָנ־דע געציילטע האָר פריש פאַרקעמט. ער טראָגט אַ ווייסן קראַגן און נייעם מאָדערנעם שניפּס און פון דער בוזים־קעשענע שטעקן אַרויס צוויי קעפּ פון די דיקע פאָונטנפּענס, ווי זיגער, וואָס האָבן דורכגעפירט אַ גרויסן קאַמף... זיין פאַרטפעל איז מעוברת מיט די נייע „פּעדערס“ צום צע־טיילן. ער זיצט ביי אַ געגרייטן טיש אין „קאַפע אייראָפּע“, ברייטלעך, ווי ער וואָלט פילן אַז ער האָט זיך געשאַפן אַ פּלאַץ אין דער אייביקייט. די גאָר נאָענטע זאָגט ער מיט אַ פריילעך געמיט: — ס„איז דער בעסטער נומער וואָס מיר האָבן ביז אַצינד געהאַט“. און ער טיילט נומערן „פּע־דערס“ מיט אַ ברייטער האַנט און שיינענדן פּנים.

קאַרלין איז ניט נאָר אַ מעצענאַט, און אַרויסגעבער פון זשורנאַלן, אַ רעדאַקטאָר, דערציער פון יונגע שרייבער — ער איז אַליין אויך אַ דיכ־טער. פון צייט צו צייט, שרייבט ער און דרוקט אָפּ אַ לירישע ליד וואָס האָט אין זיך, אי אַלטע אי נייע מעלות, וואָס רירט אונדז מיט איר אמת און אויפריכטיקייט, אַמאָל פיל מער ווי פון די אָנערקענטע דיכטער. דאָס ליד זיינס ווייזט, אַז ער האָט אויך אַן אייגענעם טרויער און שיינקייט אין זיין לעבן.

קאַרלין איז אויך אַן איבערזעצער פון ענגלישע קלאַסישע דיכטער, אָבער ער איז אין זיין אייגענעם דיכטן און אין זיינע איבערזעצונגען פון אַנדערע דיכטער, שטיל, באַשיידן, צניעותדיק.

ווען קאַרלינס אָפּגעדרוקטע איבערזעצונג פון אָסקאַר ווײַלדס „תפיסה ליד“ איז געלויבט געוואָרן פון מבינים, האָט ער זיך געהאַלטן גלייכגילטיק, ווי ער וואָלט זאָגן „נעווער מיינד“־איבערזעצונגען, מיר האָבן גרעסערע פאַרדינסטן.



אויבערשטער ריי: א. לוצקי, אב. בידערמאַן, אליעזר גרינבערג, פסח מאַרקוס.
צווייטע ריי: מ. י. חיימאָוויטש, אַהרן קאַרלין, אַברהם רייזען, לאַמעד שאַפּיראָ.

משה וויטיעס

# אהרן קאַרלין

לכבוד דעם דיכטער, איבערזעצער און רעדאַקטאָר פון די „פעדער״ אהרן קאַרלין וואָלט כדאי געווען צו וואַרפן אַ קריטישן בליק כאָטש אויף איין געביט פון זיין טאַלאַנט — דאָס איבערזעצערישע. אומזיסט האָב איך זיך אָנגעגעסן מיט שטויב בישטערנדיק אין די אַרכיוון פון מיין אָפּגעהיטן אוצר פון אָנגעהויפטע זשורנאַלן פון כל המינים — ווער איז דאָרט ניט פאַרטראַטן? — אָבער מער ווי אַ צופעליק ליד, אהרן קאַרלינס, אַן איבערזעצונג אין דעם אָדער יענעם פעדער־נומער, איז מיר ניט געלונגען אַרויסצודאַביווען.

אַנדערש ווי זיינע קאָלעגן זשורנאַל־רעדאַקטוירים אויף דער יידישער גאַס, וועמענס זשורנאַלטשיקעס זיינען פריער פון אַלץ אָפּזאַץ־לאַגערן פאַר זייערע אייגענע פּראָדוקציעס און וועמענס רעדאַקטאָרישע קלאָפּאָטן און פליכטן שטערן זיי ניט אין זייער פילזייטיקער ליטעראַרישער פרוכ־פערדיקייט — איז קאַרלין דער „ריינער״ רעדאַקטאָר וואָס לעבט זיך אויס אין דער דאָזיקער פונקציע און טראָגט בלויז זעלטן צו עפּעס פון זיין אייגענער שאַפונג.

און דאָ גלויב איך, האָב איך אָנגערירט דאָס פּסיכאָלאָגיש־ליטעראַריש רעטעניש וואָס איז אהרן קאַרלין:

קאַרלין פאַרמאָגט די פּאָטענץ פון אַ דיכטער אָבער די ענערגיע פון שאַפונג האָט ער סובלימירט, פאַרטאָן, אָוועקגעצויגן און פאַרווענדעט אויף די שאַפונגען פון אַנדערע שרייבער — אויף איבערזעצונגען, קאָרעגירן, רעדאַקטירן און אויסשלייפן פרעמדע שטאָפן. אהרן קאַרלין איז פאַרבליבן דאָס שעמעוודיק פאַרליבט ייִנגל אין דער יידישער ליטעראַטור. אָוועקגע־שטעלט די געליבטע אין אַ נישע, ווי אַן אָפּגאָט, אין דעם אינערלעכן סאַנקטום פון זיין גייסטיקייט, האָט ער זיך לגמרי אָפּגעגעבן דער עבודה, דעם אייביקן דינסט פון זיין אידעאַל.

ווי אַ געשוואוירענער ריטער פון זיין קעניגן קאָן קאַרלין אַנדערש נישט ווי דינען, שעצן און היטן זיין מלכה און איז שוין רעזיגנירט צו זיין גורל פון אַ פריוויליקן קנעכט צו זיין אויסדערוויילטער האַרצטע:

„ניט יענער אַליין בלויז פאַרמאָגט אַ מתנה,
וואָס קאָן זיינע ווערטער באַלעבן
און ווי מיט אַ כישוף — געדאַנקען, חלומות,
אַ גוף און נשמה זיי געבן.
נאָר יענער פאַרמאָגט אויך פון גאָט אַ מתנה,
וואָס קאָן אויף דעם ווערק זיך פאַרגאַפן;
פאַרשטיין דעם זין, דעם שאַפערס כוונה —
ער ווערט אויך אַ שותף צום שאַפן״.

אַזוי רעדט קאַרלין און טרייסט זיך און פאַרענטפערט זיך שיעור ניט, אין דעם דאָזיקן ליד זיינעם, פאַרן זיין אַ לייענער־רעדאַקטאָר וואָס ווערט

א „שותף״ צו דעם פרעמדן ליטעראַרישן מאַטעריאַל אַרום וועלכן ער פאַרעט זיך.

זאָגט דאָך טאַקע בענעדעטאָ קראָטשע, דער גרויסער איטאַליענישער קריטיקער־עסטעט, אַז דער מיטפילנדיקער לייענער וואָס וויברירט האַרמאָניש מיט דעם שרייבערס נשמה און לעבט איבער זיין עמאָציע און זיין לייד, מאַכט אויך מיט דעם פּראָצעס פון שאַפונג און זיין עמפּיבדן — ווי ס׳זאָגט זיך אויף דייטש — איז דאָס אייגענע עמפּיבדן פון דעם קינסטלער מיט וועמען ער טיילט די אַגאָניע און די פרייד פון דעם קינסטלערישן אויסלעבן. א. קאַרלין געהערט צו אָט דער בחינה פון אַ לייענער — מיט דעם איינציקן אונטערשייד וואָס זיין אייגענער שרייבערישער אימפּולס איז היפּשלעך איינגעצוימט געוואָרן צוליב אָט דער כאַראַקטעריסטישער אַמביציע קאַרלינס, צו זיין אַ ליטעראַרישע העבאַמע ביי פרעמדע געבורטן.

קאַרלינס צושטיין צו דער אָריגינעלער „פעדער־גרופּע״ איז געווען אפשר א צופאַל זאַך און גאַנץ צופעליק. צוגעבנדיק דאָס לעצטע, איז מען אָבער נאָך ניט אָפּגעפּאַרטיקט מיט דעם ענין קאַרלין. ניט דער צופאַל אַליין האָט דאָס מעגלעך געמאַכט, נאָר קאַרלינס גרויסער באַגער צו פאַרריכטן, איבערשרייבן, מעקן און קלעקן און זיך עוסקן מיט מאַנוסקריפּטן האָט צו דעם גורם געווען. קאַרלין האָט אין דעם רעדאַקטאָר־שטעל געפונען אַן עיר־מקלט פאַר זיין געקלעמטער, ליטעראַרישער נשמה.

שוין אין זיינע אַמאָליקע פּאָעטישע פּרוּוון, האָב איך אָפּט געשפּירט א צאַרטן לירישן אָטעם. האָט דאָך על פּי טבע און יושר געדאַרפט אויסוואַקסן, צוזאַמען מיט אַנדערע פון דעם דור, נאָך אַ לירישער דיכטער. וואו זשע איז אַהינגעקומען דער ליריקער קאַרלין?

דאָס ביסל אָריגינעלע לידער, קאַרלינס, לויפן איבער פאַרשיידענע מאָטיוון, און ס׳איז ניט פאַראַן גענוג פון זיי מ׳זאָל דערקענען אַ דייטלעכן פּרצוף־פּנים פון אַ דיכטער וואָס באַוויזט זיך אין אַ לידער־בוך. מ׳זעט ביי קאַרלינען אַ כוח פאַר אַ פערזן־בוי, אַ קענטשאַפט אין דער פּאָעטישער מלאָכה און אַן אַנזאַג און מעגלעכקייטן — ניט דערפירטע...

צוליב זיין אייגענער פּאָעטיש־געשטימטער נשמה זיינען זיינע איבערזעצונגען צומאָל געלונגען, אַן אַנדערש מאָל צופרידנשטעלנדיק — קיינמאָל ניט אומפּאַרמיידלעך ווי אַ סך פרעמד־שפּראַכיקע איבערפירעכטסן אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס ס׳ווערן פון זיי אייליק די ציין פון טערפּקער עם־הארצות. קאַרלינס איבערזעצונגען ערגערן ניט דעם אינטעליגענטן לייענער און באַליידיקן ניט זיין עסטעטישן חוש.

ס׳איז שווער צו פּסקענען צי קאַרלין איז דווקא א „געבוירענער״ איבערזעצער: צו זיין אַליין דיכטעריש באַזעלט, ליב האָבן די אַרבעט ווי ס׳וואָלט געווען זיין אייגענער געשאַף, מסוגל זיין אויף צונעמען דעם אינעוויניקסטן זין פון דעם צווישן־די־שורותדיקן אין דעם מחברס רייד און פאַרמאָגן אַ חוש פאַר וואָרט־בילד, קלאַנג־ריטם און טאָן־פאַרבונג — אָט די נויטיקע „זיבן זאַכן״ פאַר דעם איבערזעצער זיינען אַנוועזנדיק אין קאַרלינס פאַרזוכן אויף דעם געביט. אַפילו די פעלערן אין קאַרלינס איבער

זעצונגען, זײַנען נישט קײן סימנים פון אַ ליטעראַריש־אומטױגלעכן, נאָר גיכער דער פּועל־יוצא פון אַ ניט אײַנגעאײַבטער האַנט װאָס װערט אָפּגע־פרעמדט פון דער מלאכה צוליב מאַנגל אין פּראַקטיקע. ניטאָ קײן מײס־טערשאַפט אָן מי און נאָכאַנאַנדיקער האָרעװאַניע. ס'איז אַ חילוק פון דערװײַליקער אומגעשיקטקײט ביז אומהײלבאַרער אומפעאיקײט. װאָלט קאַרלין מער און אָפטער געשריבן, װאָלט אי אים אַליין, אי דער ײדישער ליטעראַטור װאָס ער דינט מיט אַזאַ איבערגעבנקײט, אַ סך צוגעקומען.

דאָס איז אָן איבערזעצונג װאָס װאָלט, דוכט מיר, געװאונען אַ פּרעמיע אין אַ קאָנקורס. דאָס ליד אַליין, איז געװנג צו באַשטעטיקן קאַרלינס כּוח פאַר אַזאַ אַרבעט און אים באַרעכטיקן צו דעם טיטול: איבערזעצער. דער ריטם פון פּאָו װאָס האָט צו זיך קײן גלײַכן ניט אין דער פּאָעזיע פון דער װעלט־ליטעראַטור, די טויטלאָזע בענקשאַפט, דער טרײסטלאָזער צער װאָס זײַנען אין די שורות אויף אײביק פאַרגליװערט, איז קאַרלינען גע־לונגען אָפּצוהיטן און איבער צו דיכטן אויף ײדיש ניט מינערנדיק אַ האָר פון אָריגינאַל.

אַ ביסל װײניקער געלונגען, אָבער פאָרט אַ פײַן שטיקל אַרבעט װאָס אהרן קאַרלין מעג דערויף אָנװײַזן מיט שטאָלץ, איז פּאָוס „די ראָב". אַ ישר כּוח קומט אים פאַר די „גלאָקן" פון דעם זעלבן מחבר, די „בריק פון זיפצן" פון טהאָמאַס הוד, און אַנד.

אָסקאַר װײלדס „באַלאַדע פון רעדינגער טורמע" האָט קאַרלין אָפּ־געדרוקט אין אַ ביכל אין יאָר 1925, אין פאַרלאַג „פעדער". דאָס ביכל אַלײן פאַרדינט אַ באַזונדערע און לענגערע קריטישע איבערזיכט. איך קען זיך אָבער ניט אָפּהאַלטן פון געבן אַ פּאָר מוסטער־סטראָפן צו באַװײַזן די אַלגעמײנע קװאַליטעט פון דער דאָזיקער נעטער אינטעליגענטער איבערזע־צונג, קאַרלינס. פּאָר אַ מוסטער — דער באַרימטער סטראָף װאָס װערט אַזױ אָפט ציטירט אין דער ענגליש־רײדנדיקער װעלט:

דער כאַראַקטעריסטישער טעמפּ פון דער װײלדישער באַלאַדע איז ערטערװײַז אין דער איבערזעצונג, אַ געטרײַע קאָפּיע פון אָריגינאַל.

זעקס װאָכן לאַנג האָט ער אַרום
געשפּאַנט אין חעם אַסטראָג,
אין גרויען אָנצוג, גרויען הוט,
מיט פלינקן טראָט און טראַג,
מיר, איך האָב קײנעם ניט געזען
פאַרליבט אַזוי אין טאָג.
איך האָב נאָך קײנמאָל ניט געזען,
אַ מענטש אַזוי פאַרטאָן
אין שטיקל בלאָ, װאָס טורמע לײַט
אַ הימל רופן אָן,
און אין יעדן װאָלקן װאָס צעלאָזט
די האָר פאַרבײַ דער זון.

---



אויבנערשטע ריי פון רעכטס: ש. ת. שניידער, א. זעלדין, משה נאַדיר, מיטשעל לאָעב.
אונטערשטע ריי פון רעכטס צו לינקס: אַהרן קאַרלין, מאַני לייב, י. אַדלער.

א. לוצקי

# אַהרן קאַרלין

(אימפּראָוויזאַציע)

אַ פּשוטער, אַ מיטעלער,
אַן ערלעכער, אַ געפּאַקטער,
אַ רונדער, איז קאַרלין
דער רעדאַקטאָר.

אויף אַ גרינגן פערד און
וועגעלע,
אַריינגעפאָרן ראַשעדיק,
מיט „יידישע" פאַנטאַזיעס,
אין שרייבערישן „פּאַליש".
און געוואָרן באַלד סימבאַליש.

באַלד נאָך די „טרוימען" —
דער „יידישער גזלן"...
תיכף נאָכן „גזלן" —
„די ליטעראַרישע וועלט".

היינט — „גייט" זיין „פעדער"
אַ פערטל יאָרהונדערט.
מיט יעדער דערשיינונג —
דערשיינט ער פאַרוואונדערט.

אַליין דער רעדאַקטאָר,
אַליין דער אַנטדעקער.
פון חשובע שרייבער —
דער ערשטער אַנטפּלעקער.

קאַרלין דער רעדאַקטאָר.

ביי גרויסע מייסטער —
אַ שטויבעלע פּאַקט ער.
פעלט וואו אַ קאַמעלע —
באַלד דערשנאַפּט ער.

פאַר דער יידישער געשיכטלעכ-
קייט,
ער גיט אַרויס אַ זאַמלשריפט
מיט אַ חידוש און מיט פּראַכט —
„טרוימען און ווירקלעכקייט"...
אין יאָר נייַנצן אַכט (1908).

זיין גראָבע פּענע —
תיכף כאַפּט ער.
די לאַנגע אותיות —
קלעצער קלאַפּט ער.
פאַרריכט אַ זילבע —
גאַנצע קלאַפּטער.
גערא־טע־וועט!
אַזוי אַ, האַפּט ער...

ענגליש — איבערזעצט ער,
יידיש — שרייבט ער,
„אַלטע" — לייענט ער,
„יונגע" — „העלפּט" ער.

ער לויפט נישט נאָך כבוד,
ער זוכט נישט קיין לויב.

אים אַרט נישט אַפילו
ווען לייענער ווערט אויס,
אַבי נאָר דער שרייבער
איז קינסטלעריש גרויס.

אַהרן קאַרלין.

# אָפּשאַצונגען

## ש. ניגער

דער איינציקער פון די אַלע ליבהאָבערישע זשורנאַלן, וואָס האָט אַ שטיקל זין (אחוץ דעם 'אין־זיך', וועלכער עקזיסטירט שוין ניט מער), איז דער זשורנאַל „די פעדער" (אַרויסגעגעבן פון דער גרופּע „ליטעראַטן קאָלעגן", רעדאַקטירט פון אַהרן קאַרלין). זיין ציל איז — זיין אַ בינע פאַר אָנפאַנגער, און דאָס איז באמת טאָקע אַ סימפּאַטישער ציל. דעם אָנפאַנגער אין דער ליטעראַטור איז שווער — אָנצופאַנגען. מען קען אים ניט. און אפילו דאַן, ווען ער גייט אויף די אַלטע אויסגעטראָטענע וועגן, האָט ער פיל אויסצושטיין און אַריבערצוטראָגן, ביז ער איז זוכה צו זען זיין זאַך געדרוקט. ווער רעדט שוין ווען ער איז אָריגינעל און קומט מיט אַ נייעם נוסח — דאַן איז זיין לאַגע נאָך ערגער, וואָרים דאַן איז ער צוויי מאָל אַזוי פרעמד די רעדאַקטאָרן פון די „גרויסע" אויסגאַבן: ערשטנס, אַלס אַ נייער אומבאַקאַנטער שרייבער און, צווייטנס, אַלס שרייבער, וואָס גייט אויף נייע אומבאַקאַנטע וועגן. איז דערפאַר זייער נאַטירלעך, אַז אָנפאַנגער זאָלן וועלן האָבן אַן אָרגאַן פאַר זיך אַליין. אַזאַ אָרגאַן איז „די פעדער".

— ש. ניגער, „טאָג", דעצ' 1922

## ד"ר ב. גראָובאַרד

...און איצט וועגן „אייגנאַרטיקעס שרייבן". דער וויכטיקסטער מענטש אין דער „פעדער"־גרופּע איז אַ. קאַרלין. נישט אַזוי מיט זיין אָריגינעלן דיכטערישן טאַלאַנט, ווי מיט זיין ערלעכער באַציאונג, איבערגעגעבנקייט און ליבע צו דער יידישער ליטעראַטור. דאָס אַליין וואָלט גענוג געווען צו באַרעכטיקן די עקזיסטענץ פון דער „פעדער".

עס איז איבעריק צו באַטאָנען די וויכטיקייט פון איבערזעצונגען פאַר אַ ליטעראַטור. און אין איבערזעצונגען איז אונדזער ליטעראַטור אָרעמסטן. אויב אונדזערע פאַרלעגער גיבן אַרויס איבערזעצונגען פון נאָוועלן און דערציילונגען, ווערט אָבער די פּאָעזיע אינגאַנצן פאַרנאַכלעסיקט.

מען שאַצט ביי אונדז וויניק די אַרבעט פון אַן איבערזעצער, אָבער פאַקטיש, ווען עס ברענגט ווער אַריין אַ פּאָר גוטע איבערזעצונגען פון פיינע ענגלישע לידער, ווי קאַרלין טוט עס, איז עס פיל וויכטיקער ווי אַ מאַסע אָריגינעלע פּאָעמען, וואָס צייכענען זיך ניט אויס מיט קיין זאַך אחוץ גלאַטיקע גראַמען. פון אַלע איבערזעצונגען פון דער ענגלישער פּאָעזיע זיינען קאַרלינס די פיינסטע אין גייסט און ריטם פון יידיש.

— ד"ר ב. גראָובאַרד, „פּראָלעטאַרישע שטימע", 1923

## ב. צ. גאָלדבערג

עס איז געווען אָנגענעם צו לייענען, אַז מען פייערט דעם יובילעי פון אַ. קאַרלין.

אין אַלע ליטעראַטורן, ווי אין אַלע שעפערישע פאַכן, געפינען זיך ביי אונדז אויך שרייבער, פּאָעטן און דערציילער פון פאַרשידענע ראַנגען

— גרויסע, מיטעלע און קעלענערע. עס איז טאַקע ניטאָ קיין קלאָרע, באַשטימטע, אָביעקטיווע מאָס צו מעסטן געגנוי איינעמס גרויסקייט צי קליינקייט. אָבער ליטעראַרישע מענטשן פאַרשטייען זיך אויפן פאַך, און אַריינגאָרן דאָ קאָן מען ניט.

מען פלעגט אַמאָל לאַכן, אויב ניט ערגער, פון אברהם רייזען, וואָס האָט זיך תמיד אַרומגעריגלט מיטן ליטעראַרישן „קליינוואַרג", שפּאַצירט מיט זיי אין גאַס, געזעסן מיט זיי אין קאַפע, און אַרויסגעגעבן צוזאַמען ליטעראַרישע שריפטן. ער האָט דאָך געקאָנט זיצן אויבן־אָן מיט די גדולים.

די 'קליינע טאַלאַנטן" האָבן זיך געמוזט מאַכן אייגענע פּלאַטפאָרמעס, פון וועלכע צו פּרובירן אַרויסקומען פאַר די ליטעראַרישע לייענער. אייגענע צייטשריפטן און זשורנאַלן — בפרט ווען די טעגלעכע פּרעסע איז געווען געשלאָסן כמעט פאַר אַלעמען, אויסער דעם קליינעם ביסל, וואָס איז געווען דירעקט פאַרבונדן מיט איר. האָבן שרייבער פון אַ געוויסער קאַטעגאָריע, אָדער פון אַ געוויסער געמיינשאַפט, זיך געשאַפן זייער אייגענע ליטעראַרישע אַכסניה. צו באַקוועם איז אַזאַ אַכסניה ניט געווען, און קיין לאַנגן קיום האָט זי ניט געהאַט, אָבער יעדע פון זיי האָט עפּעס אויפגעטאָן, געעפנט אַ טיר, אַרויסגעפירט פאַר דער וועלט און איבערגעלאָזט אַ צייכן אויפן זאַמד פון דער צייט.

אַברהם רייזען האָט אָנגעפּאַטערט אַ היפּש ביסל אַזעלכע אַכסניות אין די לענדער וואו ער האָט געלעבט, באַזונדערס דאָ אין אַמעריקע, און זיין נושא כלים איז געווען דער פּאָעט אַ. קאַרלין. באַזונדערס איז דער נאָמען קאַרלין פאַרבונדן מיטן ליטעראַרישן זשורנאַל „די פעדער", וואָס טאַקע אַ דאַנק אים, קאַרליגען, האָט אָט די שריפט אַזוי לאַנג מאריך ימים געווען. עס האָט אויסגעזען ווי קאַרלין האָט קיין אַנדער עסק ניט געהאַט, ער האָט זיך ניט געשפּאָרט מיט זיינע אייגענע לידער, נאָר אויסן געווען אינגאַנצן טאַקע די אַכסניה, עס זאָל זיין אַזאַ פּלאַטפאָרמע פאַר די שרייבער, וואָס האָבן קיין אַנדער אָרט ניט וואו זיך צו באַווייזן.

די „פעדער" האָט אַזוי אַרום גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער יידישער ליטעראַטור, און ניט איין יידישער שרייבער איז איר שולדיק אַ דאַנק. אָבער די „פעדער" גופא איז שולדיק דעם גרויסן דאַנק קאַרליגען. ניט נאָר האָט ער דורך זיינע באַמיאונגען זי אויסגעהאַלטן, נאָר אויך געגעבן דער שריפט זיין אייגענעם פּנים. פּונקט ווי ער אַליין האָט זיך ניט געשטופּט צום אויבן־אָן, צום העכערן אָרט, צו וואָס אַנדערע מיט ניט גרעסערן טאַלאַנט האָבן זיך געשטופּט, אַזוי האָט די „פעדער" ניט געוואָלט שיינען מיט אַ געוויסן אייגנאַרט, נאָר געטראָגן באַוואוסטזיניק דעם כאַראַקטער פון אַן אַכסניה.

איז גוט, וואָס מענטשן האָבן ניט פאַרגעסן און ענדלעך אים געגעבן אַ ביסל אָנערקענונג, וואָס ער האָט פאַרדינט, און ביי די אַכציקער יאָרן דאַרף דאָס אים אַ ביסל אָנוואַרעמען.

ב. צ. גאָלדבערג, „מאָג",



**די גרופּע „פעדער"**

עס זיצן (פון רעכטס צו לינקס): **לוי גאָלדבערג, משה סאָרגען** (וויטיעס), **אַהרן קאַרלין,** (רעדאַקטאָר), **אַברהם רייזען, ראובן גראַנאָווסקי, און ב. י. קליין,** עס שטייען: **ל. ראָזאָף, פּ. ראַדאָ שיצקי, שלום קאַץ, קאָוונער גראָדסקי און זיסלמאַן.**

יעקב קולטשינסקי

# די זכיה פון אַ ליטעראַרישן וועטעראַן

## אַ פּאַרדינטער יום טוב

אין איזראַילאָוו־אַדיטאָריום פון „בית־עם" דער צענטער פון דער ציוני־ניסטישער אַרבעטער באַוועגונג פאַר קולטור און דערציאונג און ברייטאָן ביטש, ברוקלין, אין זונטיק, דעם 13טן אָקטאָבער, 1968, אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ יום־טובדיקע מסיבה לכבוד דעם זעכציק יאָריקן יובל פון דעם שרייבער, רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון ליטעראַרישן זשורנאַל, „די פעדער" — אַהרן קאַרלין.

די פאַרזאַמלונג איז דערעפנט און געפירט געוואָרן מיט פייערלעכקייט און האַרציקייט פון חבר יעקב קולטשינסקי, דער סעקרעטאַר פון „בית־עם".

מיר האָבן פאַרוואַנדלט אונדזער צענטער אין אַ פעסטונג פאַר יידיש־העברעאישער קולטור און דערציאונג, וואָס זיין השפּעה שטראַלט זיך אויס אַ סך ווייטער פון ברייטאָן — און אַפילו ווייטער פון ברוקלין...

אַלס ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור, אירע שעפער און טרעגער, האַלטן מיר אַז עס איז אונדזער חוב און עס איז אויך אַ כבוד פאַר אונדז צו באַערן דעם ליטעראַט און קולטור־טרעגער, אהרן קאַרלין.

ער דריקט אויס זיין פרייד וואָס דער זאַל איז געפּאַקט מיט אַ גרויסן עולם און מיט דער גרויסער צאָל יידישע שרייבערס, דיכטערס, קינסטלערס, וואָס זיינען געקומען באַשיינען די שמחה און צוזאַמען מיט אונדז אָפּגעבן כבוד און אויסדריקן אָנערקענונג און דאַנקבאַרקייט צו ר' אַהרן קאַרלין פאַר זיינע ליטעראַרישע טעטיקייטן אין משך פון די פאַרגאַנגענע זעכציק יאָר.

דער פאַרזיצער יעקב קולטינסקי, פאַרבעט דעם הויפּט־רעדנער פון אָוונט אויף דער פּלאַטפאָרמע, און די דיכטער און שרייבער לוי גאָלדבערג, צבי שטאָק, ל. ראַזאָף, און די דראַמטורגין און שריפטשטעלערין, שיינע־רחל סעמקאָף־באַדער. ער פאַרבעט און באַזונדערס דעם יובילאַר — ווען ער דער יובילאַר דערנענטערט זיך צום הויפּט־טיש, טראָגן אים צו די חברות פון דוד פינסקי צווייג 450 יידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, פייגל שיף און מרים שולץ, אַ בוקעט בלומען.

דער גאַנצער עולם שטעלט זיך אויף און מאַכט דעם יובילאַר אַ גרויסע אָוואַציע.

די באַקאַנטע שרייבערין און דראַמאַטורגין שיינע־רחל סעמקאָף־באַדער, האָט אויף אַ זייער שיינעם און חנעוודיקן אופן דערציילט זכרונות וועגן קאַרלינס ליטעראַרישע טעטיקייטן און דערציילט פון דער געטריישאַפט פון זיין פרוי פעשע ע"ה, וואָס האָט מיט אים מיטגעשטימט און דעצידירט עטלעכע פון זיינע לידער אויף אַ קינסטלערישן שטייגער וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס באַגייסטערונג ביי דעם עולם. שיינע־רחל באַמערקט אויך: אַז קאַרלין האָט באַשלאָסן צו פאַרפלאַנצן ביימער אין נאָמען פון זיין פרוי און זיינע טאַטע־מאַמע, אין די וועלדער פון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד אין מדינת ישראל.



פון רעכטס צו לינקס: צבי שטאָק, שיינע רחל סימקאָף, אַהרן קאַרלין, לוי גאָלדבערג, יעקב קולטשינסקי, ל. ראָזאָף, ביים מייקראָפאָן.



פון רעכטס צו לינקס: **שיינע** רחל סימקאָף, באַדש, לוי גאָלדבערג, אַהרן קאַרלין
יעקב קולטשינסקי



**אהרן קאַרלין און זיין משפּחה**

ס׳זיצן: זיין **שוועגערין** אסתר גאַנדז, זיין פּלימעניצע דאָריס בראַון מיט איר מיידל **פּעשע**. עס שטייען פון רעכטס: מר. גרין, קאַרלינס שוואָגער, חומה גרין, קאַרלינס שוועגערין; קאַרלינס פּלימעניק און לוי גאַנדז, קאַרלינס שוואָגער.

ל. ראָזאָף

# אהרן קאַרלין יובל נאָכמיטאָג

אונטערן פאַרזיץ פון יעקב קולטשינסקי איז זונטאָג נאָכמיטאָג, דעם 13טן אָקטאָבער, אין בית עם ברייטאָן 15טע גאַס, ברוקלין, פאַרגעקומען אַ גראַנדיעזער נאָכמיטאָג לכבוד אהרן קאַרלין צו זיינע זעכציק יאָר ליטעראַרישער טעטיקייט, אַלס אַרויסגעבער פון ליטעראַרישע זשורנאַלן און יאָרנלאַנג דער רעדאַקטאָר פון ליטעראַרישן זשורנאַל „די פעדער". עס איז געקומען אַ גרויסער און חשובער עולם. מ׳איז געזעסן ביי שיין גע־דעקטע טישן אין אַ גאָר יום־טובדיקער שטימונג.

די פיינע זינגערין רחל רעליס האָט אַנגעפאַנגען דעם אוונט מיט יידישע לידער, די מוזיק מערסטנס פון הענעך קאָן.

דער דיכטער לוי גאָלדבערג, קאַרלינס אַ חבר, מען קען זאָגן פופציק יאָר פאַרברידערט, האָט געגעבן אַ קורצן סך הכל פון אהרן קאַרלינס לאַנגיאָריקן רעדאַקטירן „די פעדער" און וויפל ביי, יונגע שרייבער ער האָט אַרויסגעפירט צו אַנערקענונג און באַרימטקייט.

דער דיכטער עסייאיסט און ערודיט צבי שטאָק האָט פאַרגעלייענט אַ באַלערנדיק אַרטיקל און געלייענט אַ שיין ליד לכבוד קאַרלינס זעכציק יאָר ליטעראַרישע טעטיקייט.

ל. ראָזאָף האָט זיך מערסטנס אָפּגעשטעלט אויף קאַרלינס ערשטן אויפטו מיט דעם ערשטן זשורנאַל, וואָס איז געווען אַ מין רעוואָלוציע קעגן דער דעמאָלטיקער פאָעזיע, אין די מערסטע זשורנאַלן און ציימונגען, וואָס איז געווען איין קלאַג אויפן אַרבעטערס מזל און דעם סוועט־שאָפּ. קאַרלין האָט מיט זיין „טרוימען און ווירקלעכקייט" און „ליטעראַרישע וועלט" אַריינגעבראַכט אין ליד דאָס געזאַנג פון אַלע פּאָעטישע איבערלע־בונגען, טרוימען און געפילן. אַרום קאַרלינס ערשטע זשורנאַלן האָבן זיך גרופּירט אַ סך פון די דעמאָלטיקע יונגע טאַלאַנטן.

די דראַמאַטורגין שיינע־רחל סימקאָף־באַדער איז געווען די אחרון, אחרון חביב. זי האָט נישט גערעדט, נישט געהאַלטן קיין דרשה, נאָר זייער גוט פאַרגעלייענט אויסצוגן פון אַ קאַרלינס איבערגעדרוקטע לידער אין עטלעכע נומערן „זייך" און איז לאַנג און שטאַרק אַפּלאָדירט געוואָרן.

אהרן קאַרלין, דער בעל היובל איז געוואָרן אַזוי פריידיק גערירט וואָס דער עולם האָט זיך ספּאָנטאַן און דעמאָנסטראַטיוו געגעבן אַ שטעל אויף — אַז אַנשטאָט אַריינרעדן אין מיקראָפאָן האָט ער געוויינט, אָבער דאָס זיינען געווען טרערן פון פרייד, וואָס עס איז געווען אַזאַ גרויסער עולם, די פרייד, אַז ער איז נאָך נישט קיין פאַרגעסער, אַז מען געדענקט זיך אויפטו פאַרן יידישן וואָרט.

---

לוי גאָלדבערג

## אהרן קאַרלין

האָסט געוויילט דעם וועג פון וואָרט, פאַר דיינע טריט,
ווען אַרום דיר האָט יידיש ווי אַ טויב געפּלינגלט.
האָסט געוויילט דאָס פלאַטערן מיט שעפער פונעם ליד,
און מיט זייער גורל, גאָר דיין לעבנס־זין פאַרזיגלט.

האָסט אין טרוים און מי „די פעדער" אויפגעבויט,
און אין דעם בנין אָנגעצונדן אַ נר תמיד;
מיט גאָר דיין הארץ, האָסטו צום פּאַליש זיך פאַרטרויט —
אַז אברהם רייזען זאָל דאָרט דאַוונען ביים עמוד.

ניטאָ אין דיין מהות די חיה רעה: — שלעכטס.
ניטאָ אין דיר די פוסטע „גרויס־זיין" טענה.
האָסט פּאַטערלעך געדינט פון פען די קנעכט —
צו בענטשן זיך: — אַז אַלע קינדער זיינען דיינע.

האָסט געוויילט דעם גורל נאָר צו לעבן קליין
אין אַ באַהאַלט פון אוממיטלבאַרן גרויס־זיין.
אין טומאה פון דער צייט, צו בלייבן ריין,
און אויף קיינעם פאַר עוולות, בייז־זיין.

ביזט דער פּראָטאָ־טיפּ פון יעקב דינעזאָן,
דעם עניו, צווישן שרייבערישע קרובים.
פון אייגנלייב, די פוסטע גאווה אויסגעטאָן
פאַר אַנדערע זיך מיען, מיט מעשים טובים.

---

גיטל ציטרין

## אהרן קאַרלין

ער איז געקומען צוריק מיט פופציק יאָר,
און געכאַוועט אַ נייעם, יונגן דור
דערציילער, הייגט באַרימטע פאָעטן,
געפירט זיי — חשיבות־וועג באַטרעטן,
מיט כבוד פון באַרימטע שעפער זיי באַשיינט,
ריווקין, רייזען, זיינע פריינט.

ער דער ערשטער ברענגען „קליינזשורנאַל":
„טרוים און ווירקלעכקייט", „די פעדער", לויטער שטראַל;
דערפריילט, געמוטיקט נייעגקע טאַלאַנטן,
און זיך פאַרטונקלט, אָפט אַ ניט דערמאָנטער...

אַט אַזוי איז ער שטיל, באַשיידן,
קיין שלעכטס אויף קיינעם ריידן.
ווי זיין זעלטנס ליד, צאַרט און שטיל.
ס'איז זיין מוטיקן מיט האַרץ־געפיל,
ס'איז זיין שרייבן מיט אַ זין —
אַט אַזוי איז ער — אהרן קאַרלין.

---

י. אַדלער

## מיין באַקאַנטשאַפט מיט אהרן קאַרלין

אונדזער ערשטע באַקאַנטשאַפט איז געווען אין גאַס, ביי אַ קרעמל פון יידישע צייטונגען אין ברוקלין, ביי אַ געוויסן נימקאָווסקי. ביי דעם קרעמל זיינען זיך יעדן טאָג צונויפגעקומען אַלע סאָציאַליסטן און אַנאַר־כיסטן און דאָרט האָט מען זיך אַרומגעריסן, געפירט דעבאַטן, אַרגומענ־טירט און, בשעת מעשה, געוואַרט ביז מען וועט ברענגען די יידישע צייטונגען פון ניו־יאָרק מיט אַ פערד און וועגל.

געקויפט האָבן מיר נישט די צייטונגען. אָבער געלייענט — אַלע, אָן געלט, דעם באַלעבאָס פון קרעמל האָט דאָס ניט געאַרט. מענטשן ווילן לייענען — געזונטערהייט!

שפּעטער זיינען פון די יונגע לייט, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום דעם קרעמל, אַרויסגעקומען אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, שרייבער, רעד־נער, אינזשעניערן און פּאָעטן.

ער, אהרן קאַרלין, איז אויך געווען איינער פון אונדז. ער האָט נישט דורכגעלאָזן קיין איין זאַך וואָס איז געווען געדרוקט אין יידיש, ער זאָל עס נישט לייענען און ברענגען צו מיר (איך האָב אין יענער צייט געהאַלטן אַ שניידער געשעפטל, וואָס האָט מיר געגעבן וואַסער אויף קאַשע).

אין אַ פּאָר יאָר צייט זיינען מיר באַקאַנט געוואָרן מיט מענדעלעס „קליאַטשע", „פישקע דער קרומער", „דאָס קליין מענטשעלע", „שלמה רב חיימס", און די אַנדערע שריפטן זיינע. אויך מיט שלום עליכמס „פאָלקס־ביבליאָטעק" — דריי בענדער ; פּרצעס „אידישע ביבליאָטעק", ספּעקטאָרס „הויז פריינד", ליבעצקיס „פוילישן איינגל", זיין „נישט טויט, נישט לע־בעדיק", דער „וועלט לוח" — און שאַצקיס „ערב פסח", און שלום עליכמס „שומרס משפט" און דער „אַרבעטער פריינד" פון לאָנדאָן, שפּעטער מיט דעם „פאָלקס וועכטער". מיר זיינען געוואָרן הייסע חסידים פון יעקב גאָרדינס טעאַטער שאַפונגען.

מיר האָבן אָוועקגעגעבן דעם לעצטן סענט צו קויפן אַ ביכל מיט לידער פון ראָזענפעלד און פון מאָריס ווינטשעווסקי. מיר האָבן אָנ־

געקוואָלן פון אַלע אַנאַרכיסטישע תפלה זכהס, מיר זיינען ניט געווען קיין גרויסע איבערקלייבער — אויב ס'איז נאָר געדרוקט אין יידיש, איז עס שוין גוט: „אָוונט בלאַט", „אַרבייטער צייטונג", „פרייע אַרבייטער שטימע".

שפּעטער האָבן מיר אויסגעשריבן פון יענער זייט ים דעם „אַרבייטער פריינד" פון לאָנדאָן, דעם „זשערמינאַל" אונטער ראָקערס רעדאַקציע; דעם „פריינד" פון פּעטערבורג, די בונדיסטישע שריפטן, בראָשורן, פאַרבאָטענע און נישט פאַרבאָטענע.

מיר זיינען אויך געווען הייסע חסידים פון „פאָרווערטס". אונדזערע רביים זיינען געווען: פייגענבוים, קראַנץ, מילער, אב. קאָהאַן, זאַמעטקין, יצחק אייזיק בן אריה צבי הלוי, מאָריס ראָזענפעלד, מאָריס ווינטשעווסקי, קאָבריך, ליבין, שאַרקאַנסקי און באַבאַד.

שפּעטער האָבן מיר גענומען לעקן די פינגער פון פרוגן, פרישמאַנען, י. י. פּראָפּוס, רייזען, אַש, נאָמבערג, ש. ראָזענפעלד און אַנדערע.

קאַרלינס פרנסה איז דעמאָלט געווען: געבן הויז־זאַכן צום אויסצאָלן. ער איז אַרומגעפאָרן מיט אַ פערד און וועגעלע צו זיינע קונדן. איך בין אַ סך מאָל מיט אים מיטגעפאָרן. מיר פלעגן זיך אָפּשטעלן ערגעץ אין בראַנזוויל אויף אַ פעלד און לייענען שלום עליכמען, אָדער פּרצן און קועלן און זיך פרייען וואָס מיר האָבן שוין אין יידיש אַזעלכע שיינע זאַכן.

קאַרלין און איך האָבן זי פּאַוואָליע גענומען איינקויפן יידישע ביכלעך, זשורנאַלן און צייטונגען; זיך פאַרזאָרגט מיט ביכער שראַנקען, אויסגעשטעלט די עטלעכע ביכער און געהאַט עגמת נפש, הלמאַי דער שראַנק איז נאָך האַלב־ליידיק.

ווען אַ יאָר „אַרבעטער פריינד", „פרייע אַרבעטער שטימע" און שפּעטער דער פּעטערבורגער „פריינד" האָט זיך געענדיקט, האָבן מיר אָוועקגעגעבן דאָס לעצטע און געלאָזן די בלעטער איינבינדן, אַן אַלטיטשקער יידל פון טרופּ עווענין, וויליאַמסבורג, האָט כמעט געזשיפּעט פון אונדז — ער איז דאָס געווען דער איינבינדער. און יעדעס ביכל, יעדער בראָשורע און די יאָרגאַנגען פון די צייטונגען האָבן מיר געבונדן אין לעדער — זאָל עס לענגער אָנהאַלטן.

אַזוי איז די צייט געגאַנגען און מיר ביידע — זיינען מיטגעגאַנגען און נישט דורכגעלאָזט קיין איין בלעטל וואָס איז אַרויס אין יידיש.

מיר האָבן געקליבן די „צוקונפטס", די „פרייע געזעלשאַפט" (די ערשטע), דעם „צייט גייסט" אונטער אַלעסאַנדער האַרקאַוויס רעדאַקציע, דעם „אמת" פון באָסטאָן, פון ווינטשעווסקיס האָבן מיר אַלץ געהאַט.

ווען קאַרלין האָט געהאַט אָפּגעשפּאָרט עטלעכע דאָלער, איז אים איינגעפאַלן: מען דאַרף אַרויסגעבן אַ זשורנאַל וואו די יונגע דיכטער זאָלן זיך פאַרטראַכטן.

און דעמאָלט איז געבוירן געוואָרן דער זשורנאַל „טרוימען און ווירקלעכקייט" אונטער דער רעדאַקציע פון י. אַדלער און יואל סלאָנים.

אין דעם זשורנאַל האָבן זיך באַטייליקט: ש. ניגער, ב. וולאַדעק, אַברהם רייזען, יצחק קאַצענלסאָן, ש. י. אימבער, יוסף טונקל און עטלעכע פון די אַמעריקאַנער „יונגע". איך געדענק נישט איצטער די נעמען. נאָר מיר דוכט זיך: איגנאַטאָוו, מ. י. חיימאָוויטש, יואל ענטין און די אַנדערע פון די יונגע אין יענער צייט.

פאַרשטייט זיך, אַז איך און סלאָנים האָבן זיך אויך ניט פאַרטיילט: מיר זיינען דאָך געווען די רעדאַקטערע...

אין יענער צייט האָט שוין קאַרלין גענומען שרייבן לידער. יעדעס ליד האָט ער פאַר מיר פאַרגעלייענט. איך האָב אים געזאָגט מיינע מבינות און ער האָט געהאַלטן פון מיר זייער אַ סך.

ער האָט אויך, שפּעטער, גענומען איבערזעצן לידער פון ענגלישע דיכטער.

די גאַנצע צייט געלייענט אַ סך. געקליבן אַלץ און מיט דער צייט האָבן מיר ביידע געהאַט די גרעסטע ביבליאָטעקן אין יידיש.

ווען מיין ביכער שאַפע איז געוואָרן ענג, האָט מיך קאַרלין פאַרזאָרגט מיט אַ הויכער שאַפע מיט גלעזערנע טירן, און בשעת ער האָט איבערגעלייגט די ביכער מיינע פון דעם קלענערן אַלמער אין גרעסערן, איז ער געוואָרן גרעבער ווי לענגער.

נאָך שפּעטער האָט ער מיר מיט משה נאַדיר געהאָלפן אַרויסגעבן דעם „יידישן גזלן" — אַ הומאָריסטיש סאַטירישן זשורנאַל.

דרייצן נומערן האָבן מיר אַרויסגעגעבן. דער זשורנאַל איז געווען ניי, אָריגינאַל. מיר האָבן דאָס קאָנקורירט מיטן „קיבעצער" און „קונדס".

קאַרלין האָט צו די דרייצן נומערן דערלייגט עטלעכע הונדערט דאָלער. פאַר יענער צייט און פאַר זיין שווער פאַרדינטע געלט — אַ גרויס פאַרמעגן.

אָבער ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט.

ער איז ווייטער און ווייטער אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט, אונטער־יעדע זאַך, וואָס האָט געקענט העלפן וואַקסן דאָס יידישע וואָרט, די יידישע ליטעראַטור.

איצט איז ער באַקאַנט און באַליבט צווישן זיינע חברים און אַלטע פריינט, און מיר ווינטשן, אַז זאָל ער ווייטער אָנגיין מיט זיין אַרבעט, ווייטער אַרויסגעבן זיין „פעדער" און מיט אונדז אינאיינעם ווייטער אַרבעטן פאַר אונדזער יידישער ליטעראַטור.

יאָ, ער פאַרדינט דאָס ביסעלע כבוד!

צבי שטאָק

# צום יידישן אות אַ געזאַנג

(לכבוד אהרן קאַרלינס 60־יאָריקן ליטעראַרישן יובל)

איבער צייט און איבער רוים,
אין יעדער ווירקלעכקייט און טרוים;
אויף וועגן גלייך און וועגן קרום —
שוועבסטו יידיש אות אַרום.

שוועבסטו אַרום און ליכטיקסט אויס
פרייד פון וואָרט פאַר קליין און גרויס,
און דו טראָגסט פון דור צו דור
ליכט פון אמת און פון וואָר.

באַשייד פון דימיון און פאַרשטאַנד,
שווערע מי פון אַרבעטס־האַנט
טוט שמידן דיך אין נצח׳ס קרוין
און שאַפונגס־חדוה איז דער לוין.

איבער צאָל און איבער וואָג,
אין יעדן זינג, אין יעדן זאָג;
וואו דער גייסט פון גאָט שוועבט אום,
שוועבסטו, יידיש אות, אַרום.

איבער פינצטערניש און ליכט,
איבער בשורה אומגעריכט —
מיר מוזן זיך מיט דיין געבוי.
פון קינדערוייז־אָן ביז עלטער־גרוי.

סיי אין פרייד און סיי אין צער,
דיין שיין געשטאַלט איז אונדזער שכר.
אַז וואויל איז אונדז, וואָס ס׳אונדז באַשערט
צו מוזן זיך אַרום דיין ווערט.

---

לוי גאָלדבערג

# אהרן קאַרלין אַ בן שמונים

באַקענט זיך מיט אהרן קאַרליגען האָב איך אין מיין פריסטער יוגנט. אַ נידעריק, געפּאַקט בלאָנד בחורל, האָט ער זיך באַוויזן אין דער רעדאַקציע פון „פּראָגרעס", אַ וואָכענצייטונג, וואָס האָט געדינט די אינטערסן פון בראַנזווילס וואַקסנדיקן ישוב, און געוועקט די פאַרמעגלעכע צו פילאַנטראָפּיע פאַר בראַנזווילס אויסשפרייטונג און בויאונג. אויך האָט די צייטונג אָפּגעגעבן אָרט פאַר דער שיינער ליטעראַטור, מערסטנס איבערגעדרוקט.

די רעדאַקציע פון דער צייטונג — אין טאַבלויד פאָרעם — האָט זיך געפונען אויף אַסבאָרן סטריט, אין אַ בוך־בינדעריי, עטלעכע טרעפּלעך אַרונטערצוגיין. דער בוכבינדער, אַ יונגערמאַן מיט וויניק ליטעראַרישן סטאַזש, און וועלכער האָט געהייסן סיני ליכט, איז געווען איר רעדאַקטאָר. אויף די שפּאַלטן פון „פּראָגרעס" האָט ער זיך שפּעריש אויסגעלעבט, שרייבנדיק לידער, פאָלקסטימלעכע דערציילונגען און דראַמעס (ער איז געשטאָרבן יונגערהייט פון אַ לונגען־אָנצינדונג).

ס'איז געווען אין דער צייט פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. און די גרויליקע טעג האָבן דווקא אַרויסגערופן שפּראָצן ביי דער עמיגראַנטישער יוגנט אויף דעם פעלד פון וואָרט־שאַפונג. האָבן זיך אַרום דער צייטונג גרופּירט אַ חברה יונגעלייט מיט שרייבערישע אַמביציעס, וועמען דער רעדאַקטאָר — צוליב דער אָרעמקייט פון דער צייטונג — האָט צוגעצויגן מיט אָפענע אָרעמס.

און כך הווא — ביי אַ באַזוך אין דער רעדאַקציע זאָגט מיר דער רעדאַקטאָר, אַז נאָר וואָס איז דאָ געווען אַ ניו־יאָרקער שרייבער מיטן נאָמען אהרן קאַרלין, און אַז יענער איז שוין געוואָרן זיינער אַ מיטאַרבעטער.

דער נאָמען איז מיר נישט געווען פרעמד. איך פלעג דעם נאָמען אָראָפּלייענען פון די זשורנאַלן, וועלכע זיינען צו מיר דערגאַנגען פון איסט בראָדוויאישן קאָך־קעסל, פון וואַנען ס'האָט דעמאָלט געשוויבלט מיט יידישער שעפערישקייט. און ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, זיינען אָט די זשורנאַלן אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט זיינע אייגענע געלט־מיטלען. און גאָר טשיקאַווע איז פאַר מיר געווען דער פאַקט, וואָס שוין אין דעם נייסטן נומער „פּראָגרעס" האָב איך אויף מיינס אַ גרעסער ליד דערזען דעם כוח פון זיין שפּעטערדיקער פעטער פאַונטעין־פּען. ניט צו לייקענען, דאָס ליד איז געוואָרן בעסער, קרעפטיקער. אָבער מיך — צו וועמען דער רעדאַקטאָר האָט אָפּט פאַרטרויט צו „פיקסן" זיינס אַ ליד, איז די זאַך גאָר נישט געווען אָנציענד.

— אַ קאָנקורענט אויף מיין קאָפּ.

די גרופּע שרייבער־אָנהויבער ביים „פּראָגרעס" (וועמענס אַרויסגעבער האָט געהייסן פּאָמעראַנץ, און איז געווען דער אייגנטימער פון אַ דרוקעריי מיט אַ לינאָטיפּ־מאַשין) איז ווערט — צוליב דער היסטאָרישקייט — דאָ פאַרצייכנט צו ווערן. זי איז באַשטאַנען פון מיין זוייניקייט, מיט משה

שיפריס, י. ל. קאַלושינער, מאַקס קאַהן, אהרן ראַפּאָפּאָרט, ב. י. קליין ע״ה, און אַ היפּש ביסל אַנדערע. ניט צוזורעכענען דעם וואָרט־ווירטואָז משה סאַרגען (דעם שפּעטערדיקן משה וויטיעס ע״ה), וואָס שוין דעמאָלט איז ער צווישן אונדז, אַנהויבער, געווען אַ בעל־יחסן...

קאַרלינס אַריינטרעטן צווישן אונדזער גרופּע האָט געשלאָגן וואָרצלען. ער, וואָס איז שוין דעמאָלט באַקאַנט געווען מיט פּראָמינענטע שרייבער, איבערהויפּט מיט די „יינגע״, פלעגט ברענגען די צייטונג — וואו ער האָט זיך שוין געדרוקט — קיין ניו־יאָרק אויף מבינות. און צוריקקומענדיק צו אונדז מיט גרוסן, אַז דעם שרייבער איז געפעלן אַ דערציילונג, און דעם פּאָעט איז געפעלן אַ ליד, וואָס פאַר אונדז איז עס שוין געווען אַ סימן פון אַנערקענונג. און דאָס האָט אונדז געגעבן קוראַזש מיט אונדזערע שאַפונגען זיך אַריינצושטעלן אין אַן אייגענער שריפט. און דאָס האָט גורם געווען אויף דער געשטאַלטונג פון „די פעדער״. און למען האמת דאַרף עס פאַרשריבן ווערן פאַר קאַרלינס אַן אויפטוי, וואָס במילא איז ער שוין געוואָרן איר רעדאַקטאָר. ווייטער איז עס שוין געשיכטע.

אין דעם גרויסן זאַמלבוך „פעדער״ פון 1953 (אַגב, צום באַדויערן, דער לעצטער נומער), לייענען מיר אַן אָפּשאַצונג וועגן אהרן קאַרליגען, געשריבן פון אונדזער אומשטערבלעכן אברהם רייזען ז״ל. ער שרייבט: „אהרן קאַרלינען געדענק איך פאַר אַ וויכטיקן ליטעראַטור־טוער זינט 1909, ווען עס איז דערשינען „טרוימען אוןווירקלעכקייט״, אַ זאַמלבוך פון די „יינגע״ און פאַר די יונגע. אהרן קאַרלין, דאַן נאָך גאָר אַ יונגער — איז געווען איינער פון די אַרויסגעבער און אַפילו פון די „פאַרשפּרייטער״. אָבער אויסגעוואַקסן איז ער מיט זיין גאַנצער ליטעראַטור־טוערישער פּערזענלעכקייט, מיט דעם וואוקס און פאַנאַנדערבליאונג פון דער אַזוי־גערופענער מאַנאַט־שריפט „די פעדער״.

אין זיין בוך „לידער״ שרייבט דער גרויסער אברהם רייזען וועגן קאַרלינען אין זיין הקדמה אַזוי: „דערביי וויל איך דערפילן אַ הייליקן חוב צו באַדאַנקען מיין ליבן פריינט און קאָלעגע, דעם דיכטער און איבערזעצער אהרן קאַרלין, דעם רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון דער צייטשריפט און זאַמלשריפט „די פעדער״, וואָס איר דערשיינען איז אַ דאַטע אין דער יידישער ליטעראַרישער נייער שאַפונג״. און ווייטער מיט אַ פּאָר פּאַראַגראַפן: „דער פריינטלעכער און עכט קאָלעגיאַלער אהרן קאַרלין האָט ביי דער טעכנישער זייט פון מיין בוך „די לידער״ און ביי דער קאָרעקטור אַרויסגעוויזן אַ סך פאַרשטענדעניש, קענטשאַפט, און דער עיקר ליבשאַפט צום יידישן וואָרט בכלל״.

איז קאַרלין נאָך אַזאַ אָפּשאַצונג פאָרט געבליבן מיט ווייניק אַנערקענונג ביי דער יידישער ליטעראַטור, פאַר וועלכער ער האָט אוועקגעשענקט כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט פון זיין לעבן.

„די פעדער״ פון דעמאָלט אַן ביז דאָ לעצטנס — ווען ער איז געוואָרן אַ בן־שמונים — איז ביי קאַרלינען געווען זיין טעגלעך ברויט. ניט אַריינצוגיין איצטער אין די סיבות פאַר וואָס „די פעדער״ איז ביי איר

לאנגן משך יונגערהיים איבערגעגאנגען פון איין רעדאקטאר צו א צווייטן, ביז אומפארמיידלעך איז זי פארט געבליבן ביי אים, וואו ער האט זיך שעפעריש אויסגעלעבט סיי מיט זיין יחידיש ליד, און סיי מיט די איי־בערזעצונגען פון אזעלכע וועלט־זשעניען ווי פא, וויטמאן, ווײַלד און אנדערע. „די פעדער" דורך די אלע יארן איז געווען זיין בנין און זיין נר־תמיד. אבער למען האמת דארף מען זאגן, אז צוליב זיין רעדאקטא־רישקייט האט ער זיין אייגענע באגאבונג — וואס האט געטליעט אין אים מיט א באהאלטן פייער — פארטושט, שטעלנדיק אין פראנט אלע מאל אן אנדערן (דא האב איך רייזענען אין זינען).

קארלין איז א שטיק יידישע ליטעראטור־געשיכטע אויף די בלעטער פון א האלבן יארהונדערט. און טראגנדיק דעם שווערן עול פון לייגן ציגל פאר זיין בנין, איז ער פאר דעם ניט געהעריק אפגעשאצט געווארן אפילו ניט פון די שוין איצט באוואוסטע שרייבער, וועמען ער האט געהאלפן שטעלן זייערע ערשטע טריט. און פארדינסטן האט ער דאך גרויסע, אויי־סער אייגן־יחידישן ליד, אויך פאר זיינע פאכמענישע איבערזעצונגען, האט ער אלע זיינע יארן געהאדעוועט אין זיין הארצן א ליבשאפט צום יידישן ווארט, צום בייעם טאלאנט, און צו די וועמען ער האט ארויסגעפירט פאר דער יידישער וועלט, וואס צווישן זיי זיינען אויך געווען וויכטיקע מיטשפאנער אויף דעם אינזיכיסטישן שליאך.

איז פארוואס ארום אים איצט אזא שטילע פארגעסעניש? — — —

די שולד ליגט אפשר אין דעם, וואס ער האט זיך אפט אידענטיפיצירט מיט די שאפונגען, וואס ער האט רעדאקטירט און אין זיי האט ער אריבער־געטראגן זיין שעפערישע ענערגיע, איז אים געבליבן ווייניק כוח זיך אליין אויסצוקריסטאליזירן. זיין אויסלייזערישע באפרידיקונג האט ער גע־קראגן אין די קארעקציעס, וואס ער האט געמאכט אין יענעמס מאנוס־קריפטן. אויך דאס איז פון די יעניקע נישט געהעריק אפגעשאצט געווארן.

אהרן קארלין, אין זיין עלנדן מצב, איז איצט א בן־שמונים. לאמיר אלע דעקן אונדזער חוב צו אים, נישט געשאצט מיט דעם ווערט פון מינץ, נייערט מיט א פארערערישער ליבשאפט, וואס טליעט צו אים אין אונדזערע הערצער:

אהרן קארלין, דער רעדאקטאר פון „די פעדער", האט עס כשר פארדינט.

---



אהרן קאַרלין

# אשת חיל מי ימצא

מיין פרוי פעשע גענדלער־קאַרלין ע״ה איז געווען אַן אויסנאַם צווישן פרויען. ס׳איז זעלטן אַזעלכע צו געפינען היינטיקע צייטן, בפרט אין אַמעריקע. איר אייגנשאַפט איז געווען: קלוגשאַפט, עטישקייט און יושר.

געבוירן געוואָרן איז פעשע אין גראָדנע, פוילן, ביי פאַרמעגלעכע עלטערן: ר׳ אברהם עליע, איר פאָטער, און חיה, איר מוטער, מיטן מיידלשן נאָמען ראַשבאַם. פעשע איז געווען דאָס עלטסטע קינד אין דער משפחה.

צוויי פון איר פאָטערס ברידער זיינען געווען באַרימט: וועלוול גענדלער האָט געוואוינט אין קאָוונע און געקראָגן סמיכה ביי ר׳ יצחק אלחנן; ער האָט אָבער ניט געוואָלט אָננעמען קיין רבנות־שטעלע; חיים גענדלער האָט געוואוינט אין סלאָנים, געשריבן פירושים אויף רש״י און אויף די מגילות, וואָס פעשעס פאָטער האָט געשטיצט מיט געלט פאַרן דרוקן.

איך דערצייל דאָ וועגן פעשעס פאָטערס ברידער, מחמת איך גלויב, אַז מידות, סיי גוטע, סיי שלעכטע, גייען איבער בירושה...

פעשע, זייענדיק כמעט נאָך אַ קינד, סך הכל אַכט־ניין יאָר אַלט, האָט שוין געפירט די ביכער פון איר פאָטערס געשעפטן. זי פלעגט אויך שרייבן די בריוו פאַר די שכנות, צו זייערע מענער אין אַמעריקע.

צו צען־צוועלף יאָר אַבאָנירט זי די וואַרשעווער יידישע צייטונגען:

דעם „היינט”, דעם „פריינד” א. א., אויפן אדרעס פון א שכן, בסוד פון איר טאַטן, וועלכער האָט מורא געהאַט, אַז דאָס לייענען צייטונגען וועט זי אַראָפּפירן פון דרך־הישר.

באַאיינפלוסט פון די צייטונגען ווערט זי אַ פּועלי־ציוניסטקע, אַגי־טירט און רעדט אָפט אין גאַס פאַר קרייזלעך מענטשן, און ציט אויף זיך דעם חשד פון דער פּאָליציי. איר פאָטער שרעקט זיך זי זאָל ניט אַרעס־טירט ווערן און דערלויבט איר, בכן, מיטצופאָרן מיט זייערן אַ שכן קיין אַמעריקע.

אָנגעקומען איז זי אין טשעלסי, מאַסאַטשוסעט, וואו די פאַמיליע, מיט וועמען זי איז מיטגעפאָרן, האָט געהאַט אייגענע. אָפּגעוווען עטלעכע טעג אין שטאָט, גייט פּעשע אַרויס אין גאַס קויפן אַ יידישע צייטונג און דערזעט אין אַ יידישער קראָם אַ מעלדונג וועגן אַ פּועלי־ציוניסטישער פאַרזאַמלונג.

אויף יענער אַסיפה האָט זי זיך באַקענט מיט דער באַרימטער ציוני־סטקע, מאַדאַם פּעווזנער און אויך מיט דער פאַמיליע נאַרמאַן. דר. נאַרמאַן און זיין פאַמיליע זיינען מיט איר געבליבן פריינט אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

אין טשעלסי האָט פּעשע דורכגעלעבט שווערע צייטן. זי איז אַוועק אין אַ שאַפּ, געאַרבעט שווער, אָבער ווייניק פאַרדינט. זי איז געפאָרן קיין באָסטאָן זוכן אַרבעט. אַליין האָט זי זיך געשעמט אַריינצוגיין אין אַ פאַבריק. ס'רוב פלעגט זי מיטגיין מיט אַ חברטע.

אין שאַפּ האָט זי געאַרבעט געטריי, אָבער מחמת איר קורצער ראיה ווייניק פּראָדוצירט און זעלבסטפאַרשטענדלעך ווייניק פאַרדינט.

יאָרן נאָך איר אָנקומען אין אַמעריקע קריגט זי אַ בריוו פון איר פאָטער, ער איז איר מודיע, אַז זיינע געשעפטן זיינען געוואָרן זייער שלעכט, ער פרעגט זי צי ס'וואָלט זיין ראַטזאַם פאַר אים צו קומען קיין אַמעריקע. ער קען מיטברענגען דרייסיק־פערציק טויזנט רובל.

זי ענטפערט אים ניט אויף זיין בריוו, נאָר קלויבט צוזאַמען יעדן גראָשן וואָס זי האָט אָפּגעשפּאָרט און וואָס זי קען לייען, און פאָרט אַהיים, קיין גראָדנע.

זי טרעפט איר פאָטער אַ פאַרצווייפלטן, אָן מוט. באַקענענדיק זיך מיט דעם שלעכטן פינאַנציעלן מצב פון זיינע שניטוואַרג־געשעפטן, באַשליסט זי, מיט איר פאָטערס צושטימונג, צו מאַכן אַן אויספאַרקויף פון דער גאַנצער סחורה און אָפּצאָלן די דרינגענדע חובות. ס'איז געווען לייכט צו באַשליסן, אָבער זייער שווער דורכצופירן דעם באַשלוס.

פּול מיט ענערגיע נעמט זי אויף זיך דורכצופירן דעם אויספאַרקויף. זי האָט געדונגען אַ יידן מיט אַ פערד און וואָגן, אָנגעפּאַקט די סחורה, מיטגענומען איר יונגערן ברודער, שלמה, און אַרויסגעפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך אין גראָדנער קרייז. אָבער ווי אַזוי לאָזט מען וויסן די יידן אין די שטעטלעך, אַז זיי קענען קויפן ביי איר מציאות? פאָלט איר איין צו שיקן איר ברודער אין קלויז דאַוונען און דאָרט מודיע זיין, אַז ער האָט

געבראַכט צו פאַרקויפן שניטוואַרע אויף אַ ביליקן מקח. און קונים זיינען געקומען קויפן מציאות.

אַ דערמוטיקטע איז זי אַרומגעלאָפן פון שטעטל צו שטעטל אין רעגנס, אין בלאָטעס, איינגעשטאָנען אין אייזנבאַן־הייזער און דורכגעפירט איר פּלאַן: אויפגעזאַמלט גענוג באַרעס־געלט און דערגרייכט איר ציל, ניט צו דערלאָזן איר פאָטער זאָל באַנקראָטירן.

צו ערשט האָט זי אַריינגערופן די אלמנות, די יתומים, די אָרעמע לייט וואָס האָבן אָנפאַרטרויט איר פאָטער, דעם רייכן און דער עיקר ערלעכן יידן, זייער ביסל „האָב און גוטס", און זיי אויסגעצאָלט כדי מאה וכדי פּרוטה. דערנאָך האָט זי אַריינגערופן די קרעדיטאָרן, ביי וועמען איר פאָטער פלעגט יאָרנלאַנג קויפן סחורה, זיך מיט זיי אויסגעגלייכט אויף אַ געוויסן פּראָצענט.

נאָכן אָפּצאָלן די חובות האָט זי געזאָגט צום פאָטער: — איצט, טאַטע, אויב דו ווילסט, קענסטו פאָרן קיין אַמעריקע.

דאָס האָט געטאָן פעשע גענדלער, אַ מיידל פון אַ איר 17—18.

בעת איר זיין אין גראָדנע, אַ טאָכטער פון אַ פאַרמעגלעכן יידן, און וואָס איז שוין געווען אין אַמעריקע, האָט מען איר געגעדט שידוכים: רעליגיעזע יונגעלייט און וועלטלעכע. ניט אַלע זיינען איר געפעלן. איינער, זייער אַ שיינער בחור און אַ שטיקל קרוב, איז איר יאָ געפעלן געוואָרן. אין דער לעצטער מינוט אָבער האָט זי זיך דערוואוסט, אַז ער האָט, אַלס אַ רעוואָלוציאָנער, דערהרגעט אַ פּאָליציאַנט. זי האָט אַן אויפגעבראַכטע אויסגעשריען: „מיט קיין מערדער וויל איך ניט חתונה האָבן!" אַזאַ עטישע פּערזאָן איז זי געווען.

וועגן פאַרבלייבן אין גראָדנע האָט קיין רייד ניט געקענט זיין. זי האָט מיטגענומען איר ברודער שלמה און איר שוועסטער חומה און צוריק געפאָרן קיין אַמעריקע. זי האָט זיך דאָס מאָל באַזעצט אין ניו־יאָרק און ווידער אַוועק אין אַ שאַפּ אַרבעטן אַלס „פינישערין" ביי „דרעסעס". איר ברודער איז געוואָרן אַן אַגענט ביי אַ „קאָסטאָם־פּעדלער". ווען ער האָט זיך גוט באַקענט מיט די „ביזנעס", האָט ער אָנגעהויבן פירן געשעפט פאַר זיך אַליין, און זי, פעשע, פלעגט גיין אויפמאָנען די צאָלונגען ביי איר ברודערס קונים. אַזוי זיינען אַוועק עטלעכע יאָר.

אויף דער יידישער גאַס אין ניו־יאָרק האָט זיך דעמאָלט געטומלט מיט אָרגאַניזאַציעס און כּל־ערליי קלובן. און אַזאַ מיידל ווי פעשע האָט נאַטירלעך ניט געקענט אָפּשטיין פון קולטורעלן לעבן. זי האָט אויסגע־קליבן און זיך אָנגעשלאָסן אין „שנאָרער" קלוב. מעגלעך, צוליב דעם וואָס דער נאָמען איז געווען אַ טראַציקער.

צי זי האָט רעגולער באַזוכט דעם קלובס פאַרזאַמלונגען איז מיר עד היום ניט באַקאַנט. אָבער אַז מען האָט זיך דאָרט צוגעהערט צו אירע קלוגע רייד, צו אירע באַמערקונגען, דאָס ווייס איך יאָ, ווייל מען האָט מיר דאָס שפּעטער איבערגעגעבן.

מ. ל. האַלפּערן איז געווען אַ מיטגליד פון זעלבן „שנאָרער קלוב".

דער קלוב האָט באַשלאָסן אַרויסגעבן זיין ערשט בוך לידער. אויף אַ ספּעציעלער זיצונג, וואו ס׳איז אויך געווען דער דיכטער און דערציילער אברהם רייזען, האָט פּעשע געגעבן די ערשטע הונדערט דאָלער צו דעם פאָנד פאַרן בוך.

אברהם רייזען פלעגט, ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן, מיט התלהבות דערציילן, אַז ער האָט אַליין געזען ווי אַן ארבעטער־מיידל האָט געגעבן הונדערט דאָלער כדי צו העלפן אַרויסגעבן דאָס ערשטע בוך לידער פון אַ יידישן דיכטער.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז ניט געווען אַלץ וואָס דער קלוב האָט זי געקאָסט, אָבער דאָס איז ניט געווען וויכטיק, איך בין נאָר אויסן אַרויסברענגען אַזעלכע טאָטן אירע, צו באַווייזן וויפיל יושר און עטישקייט זי האָט פאַרמאָגט.

מיטן אויפקום פון סאָוועט־רוסלאַנד זיינען אַ צאָל מיטגלידער פון דעם „שנאָרער״ קלוב געוואָרן קאָמוניסטן. זיי האָבן געוואָלט איבערנעמען ביי די „רעכטע״ די ירושה פון דער אַלטער וועלט, און ביי דעם „שנאָרער״ קלוב די רייכע ביבליאָטעק וואָס זיי האָבן אָנגעזאַמלט.

עס זיינען פאָרגעקומען אַ סך זיצונגען און קריגערייען. געזיגט האָבן די „רעכטע״, צווישן זיי איז געווען פּעשע געגדלער. צוליב די קריגערייען האָט מען געמוזט אויפגעבן דעם קלוב־לאָקאַל. די ביבליאָטעק האָט מען אוועקגעגעבן אין „סטאָרעדזש״. די הוצאות פאַר דעם האָט אויף זיך גענומען פּעשע געגדלער. זי האָט געצאָלט און געצאָלט ביז מען האָט, נאָך אַ סך באַראָטונגען, באַשלאָסן די ביבליאָטעק איבערצוגעבן דעם שלום עליכם אינסטיטוט (און דאָרט איז, לײדער, פון דער ביבליאָטעק גאָרנישט געבליבן).

און נאָך אַן אינטערעסאַנטער עפּיזאָד: איך האָב זיך צו יענער צייט געגרייט צו מאַכן אַן אַרויספאָר איבער דער פּראָווינץ, כדי צו שאַפן אַבאָנענטן פאַר דעם זשורנאַל „די פעדער״ וואָס איך האָב רעדאַקטירט. כ׳בין דאַן נאָך געווען אַ בחור. איך האָב אויפגעגעבן מיין וואוינונג, אָבער ניט געהאַט וואו אַהינצוטאָן מיין גרויסע ביבליאָטעק, וואָס איך האָב יאָרן לאַנג געזאַמלט. וועגן דעם האָבן זיך דערוואוסט עטלעכע פירער פון „שנאָרער״־קלוב: דער „באַרימטער מאיער און דער „קעניג״ זוילי. זיי האָבן מיר אָנגעבאָטן איך זאָל אַריינשטעלן מיינע ביכער אין זייערע נייע קלוב־צימערן אויף דער צייט פון מיין רייזע, און ווען איך וועל צוריק קומען וועלן זיי זאָרגן דערפאַר מען זאָל מיינע ביכער מיר אומקערן. איך האָב אָבער, נאָך מיין צוריקקומען, ביי זיי ניט געפאָדערט מיין ביבליאָטעק, צוליב אַ סך סיבות. אפנים, אַז ס׳איז געווען באַשערט, אַז פּעשע זאָל שוין צאָלן „סטאָרעדזש״ אויך פאַר מיין ביבליאָטעק, נאָך איידער מיר זיינען געווען פאַרהייראַט.

דער דערמאָנטער „שנאָרער״־קלוב האָט, ווייזט אויס, אויך גורם געווען אַז פּעשע, באַקענענדיק זיך דאָרט מיט די אויפקומענדיקע דיכטער פון

יענער צייט, זאָל אויך זיי געבן אירע אָפּגעשפּאָרטע הונדערט דאָלער אַרויסצוגעבן דעם ערשטן נומער פון זשורנאַל „אינזיך".

נאָך אַ פּאָר יאָר זיין אין אַמעריקע האָט פּעשע פּלוצים דערהאַלטן אַ בריוו פון גראָדנע מיט דער טרויעריקער בשורה, אַז איר פאָטער לעבט ניט מער. בעת ער איז פאַרבייגעגאַנגען די קאַזאַרמע, נאָענט צו זייער הויז, האָט אַ סאָלדאַט אים דערשאָסן.

פּעשע נעמט באַלד אויף זיך די התחייבות רעגולער צו שיקן אַהיים לעבנס הילף פאַר איר מוטער און דער יונגער שוועסטער אסתר. די „מאָני אָרדערס" צו זיי האָט זי ניט אויפגעהערט צו שיקן פאַר אַ סך יאָרן. ווען איר מוטער איז געשטאָרבן האָט זי אַריבערגענומען אסתרן קיין אַמע־ריקע. באַשערט געווען, מסתמא, אַז פּעשע זאָל זיין די ערשטע צו פאַר־לאָזן פּוילן, כדי צו ראַטעווען כאָטש אַ טייל פון דער געזונדער משפּחה, זי זאָל ניט אינגאַנצן פאַרטיליקט ווערן און דאָ, אין אַמעריקע, זיך צע־צווייגן אין נייע דורות.

און יעצט קומט דער קלימאַקס, דער סוד פון דער השגחה, ווי אַזוי איך און פּעשע האָבן זיך באַקענט און פאַרבונדן אַלס מאַן און פרוי.

דעם שידוך האָבן געריידט אַ סך שדכנים: פרוי גאָלוביצקי פון קאַפע „איראָפּאַ", וואו פּעשע פלעגט אַמאָל אין אַ זונטיק אַריינקומען; אויך ביי דעם שרייבער גראַנאַווסקיס פרויס אַ באַקאַנטע, צו וועלכער פּעשעס שוועסטער חומה פלעגט אַריינקומען האָט מען גערעדט דעם שידוך. מיט מיר האָט קיינער פון זיי וועגן דעם ניט גערעדט, אָבער, ווי זאָגט מען דאָס ביי אונדז, יידן: אויב ס'איז באַשערט — ווערט...

טרעפט, אַז קיין אַמעריקע איז געקומען דעם שרייבער דוד פּריש־מאַנס פרוי, און מען אָרדנט איין פאַר איר אַ קבלת פּנים אין אַ גרויסן זאַל. עס באַגעגענען מיך דאָרט עטלעכע מיידלעך און ווייבלעך, באַקאַנטע פון „שנאָרערס"־קלוב און פּעשע מיט זיי.

מען שטעלט זי פאָר פאַר מיר. נאָכן קבלת פּנים האָב איך, ווי עס פּאַסט אַ קאַוואַליר, זי אָפּגעפירט אַ היים. איך האָב געוואוינט אין דער זעלביקער געגנט וואָס זי. איך האָב מיט איר אָפּגערעדט זך צו טרעפן נאָך אַמאָל. און אַזוי האָבן מיר זיך גענומען אָפט באַגעגענען ביז מיר האָבן מיט מזל חתונה געהאַט.

דאָ דאַרף, למען האמת, דערמאָנט ווערן, אַז איך בין ניט געווען גרייט צו נעמען אויף זיך דעם עול פון געבן פרנסה, מחמת דאָס וואָס איך האָב געטאָן (דאָס אַרויסגעבן דעם זשורנאַל „די פעדער"), איז ניט געווען צוליב פרנסה. אגב, מיין חיונה האָב איך געצויגן, אַ זייער אַן זייער באַגרענעצטע, פון מיין פאַרקויפן זינגער ניי־מאַשינען.

אָבער פאַר פּעשען איז דאָס ניט געווען קיין אָפּהאַלט; זי האָט שוין פריער אַליין געפירט געשעפטן.

פּעשע האָט איבערהויפּט ניט געהאַט קיין פאַרלאַנג צו ווערן אַ גע־ווינטלעכע הויז־פרוי און זיך אָפּגעבן מיט באַלעבאַטישקייט... זי איז געווען אַ פּערזענלעכקייט מיט אַן אייגנאַרטיקן ווילן.

זי האָט געהאַט אַ מאָדנעם דראַנג צו טראָגן אויף זיך די שווערסטע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייטן. ווען העלפֿן איר אין וואָס ניט איז, האָט ניט געקענט זיין קיין רייד. זי האָט זיך קיינמאָל אויף גאָרנישט ניט באַקלאָגט און קיינמאָל, אין די קרוב צו פֿערציק יאָר פֿון אונדזער צוזאַמענלעבן, ניט אָנגעדיים מיט קיין וואָרט, אָדער מיט אַ בליק, אַז זי איז, חלילה, אומצופֿרידן מיט איר גורל אין לעבן. פֿאַרקערט, זי איז געווען זייער צופֿרידן און גליקלעך וואָס זי האָט דערגרייכט זיך אויסצולעבן אין דער שרייבערישער סביבה, צו וועלכער עס האָט זי דאָס גאַנצע לעבן געצויגן.

אונדזער הויז, ווי ביי אַ רעדאַקטאָר, איז געווען אַ בית ועד לחכמים. כמעט יעדן טאָג פֿלעגן קומען שרייבער, סיי יונגע און סיי עלטערע. דעם אמתן פֿאַרגעניגן האָט פּעשע געהאַט ווען עס פֿלעגט קומען דער גרויסער דיכטער און דערציילער אַ. רייזען. אים האָט זי פּשוט פֿאַרערט. מיט ריי־זענען פֿלעגן אָפֿט מיטקומען: אַ. לוצקי, פּסח מאַרקוס, נחום י. און אַנ־דערע. ס'פֿלעגט ספּאָנטאַן ווערן אַ כמו־באַנקעט.

יונגערע, אָדער נייע שרייבער פֿלעגט פּעשע אויפֿנעמען זייער פֿריינט־לעך, אָבער אַליין גלייך אַריינגיין אין אַן אַנדער צימער. דאָס האָט זי געטאָן כדי די שרייבער זאָלן זיך פֿילן פֿריי צו ריידן אָדער פֿאַרצולייענען זייערע שאַפֿונגען. זי האָט געטראַכט: אפֿשר וועט עמיצער פֿאַרלייענען אַ זאַך וואָס וועט מיר ניט געפֿעלן און דער שרייבער וועט, מסתמא, פֿאַר־שעמט ווערן אויב זי וועט זיין דערביי. אַזאַ צאַרטע, פֿיינפֿילנדע און סענסיטיווע איז זי געווען.

אַרויסגעבנדיק, צוזאַמען מיט אַ גרופּע שרייבער, דעם זשורנאַל „די פּעדער" האָב איך זיך תמיד באַמיט, מיט אַלערליי מיטלען, צו קריגן די גאַנצע סומע געלט וואָס אַ נומער „פּעדער" האָט געקאָסט, כדי ניט דאַרפֿן צאָלן מיט קיין געלט פֿון מיין פּעשעס פּראַצע, און ס'איז מיר, כמעט תמיד געלונגען. נאָר אָט, האָט זיך געשאַפֿן אַ סיטואַציע וואָס פּעשע האָט אַרויסגעוויזן איר ריכטיקן, עדלעכן כאַראַקטער.

די גרופּע שרייבער אַרום דעם זשורנאַל „די פּעדער" האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן, לכבוד מיר, אַ 15־יאָריקן יובל־נומער „די פּעדער". און וויל עס איז מיין יובל־נומער — דאַרף ער רעדאַקטירט ווערן פֿון עמיצן אַנ־דערש. צו ערשט האָט געזאָלט זיין רעדאַקטאָר דער גרויסער דיכטער אַ. רייזען. אָבער וויל ב. ריווקין האָט זיך דאַן געניויטיקט אין אַ פּאָר דאָלער, האָט רייזען אים איבערגעגעבן די רעדאַקציע.

דער נומער איז געדרוקט געוואָרן אין ניו־דזשערזי ביי פּאַזי און שאולזאָן, וועלכע האָבן נאָר וואָס געהאַט געעפֿנט אַ יידישע דרוקעריי. „די פּעדער" איז ביי זיי געווען זייער ערשטער דרוק־„דזשאָב".

ווען דער יובל־נומער איז פֿאַרטיק געוואָרן איז ניט געווען דאָס גאַנצע געלט צו באַצאָלן דעם דרוקער. מען האָט געהאָפֿט, אַז ביי דעם געפּלאַנטן באַנקעט צו פֿייערן די דערשיינונג פֿון יובל־נומער, וועט מען פֿאַרקויפֿן גענוג קאָפּיעס צו שאַפֿן די נויטיקע סומע געלט. אויסגעלאָזט האָט זיך

אבער, אַז באַצאָלט דעם דרוקער האָט ניט קיין אַנדערע, ווי פּעשע גענדלער־קאַרלין. זי האָט באַצאָלט דעם באַלאַנס, ניט ווייל עס האָט געהאַט צו טאָן מיט מיר, נאָר ווייל דאָס איז געווען דער ערשטער „דזשאָב" פון דער נייער יידישער דרוקעריי און — „דער געלט־פאַרלוסט וואָלט אויף זיי געווירקט שלעכט".

אַזאַ יושרדיקע און עטישע פרוי איז געווען פּעשע גענדלער־קאַרלין!

דאָס וואָס דאָ איז דערציילט געוואָרן האָט ניט אויסגעשעפּט אַלץ וואָס איך האָלט געקענט דערציילן וועגן מיין פּעשע, אָבער ס'איז, ליידער, ניט מעגלעך, אויסדערציילן אירע מידות־טובות פון יעדן טאָג פון איר לעבן. זי איז אַרומגעגאַנגען צווישן מענטשן, ווי אַ הייליקע און בלויז איינציקע פריינט זיינען זוכה געווען אַ מאָל צו דערזען אַן אָפּשיין פון איר ליכטיקער נשמה. און זי, אָט די פּעשע מיינע, האָב איך פאַרלוירן...

---

צבי שטאָק

# לכבוד אהרן קאַרלין

## (באַגריסונג אין בית־עם צו זיין 84־יאָריקן יובל)

ווען איך דערמאָן זיך אָן אַהרן קאַרלין ס'הייסט זיין ערשטן און צווייטן נאָמען, אַסאָציאיר איך נישט־ווילנדיק זיינע צוויי נעמען מיט איינעם פון די גדולי־החסידות — איינעם פון די תלמידי־הבעש"ט זצ"ל, ר' אַהרן קאַרלינער, וועמען מ'האָט גערופן ר' אַהרן הגדול און ער האָט געלעבט אין 18טן יאָרהונדערט איז געווען אַ תלמיד און נאָכגייער פון בעש"ט.

וואָרעם ביי יידן איז דאָ אַזאַ זאַך ווי שמא גרים, ניט ווי ביי די אומות־העולם — אין גרויסן שעקספּירס ווערק ווערט צוויי מאָל איבערגעחזרט ״What is in a name". ביי אונדז איז פאַרקערט. אַ נאָמען מיינט שוין גאָר אַ סך, אַ נאָמען פירט צום שורש, צום יחוס, צו זכות־אָבות א. אַ. וו. ר' אַהרעלע קאַרלינער איז געווען נישט נאָר אַ גרויסער צדיק און גאון, נישט נאָר האָט זיך אויף זיין נאָמען אָנגעהויבן רופן אַ גאַנצע שיטה, אַ גאַנצער כת פון די אַזוי־גערופענע ליטווישע חסידים די „אַנשי־קאַרלין", אָדער די קאַרלינער, נאָר ר' אַהרן איז אויך געווען אַ גרויסער פּאָעט, אַ דיכטער מיט מיט גרויס חסד און מיט גאָטס־גאָב.

ער האָט פאַרפאַסט אַ ליד, וואָס הייבט זיך אָן מיט די ווערטער „יה אכסוף נועם שבת", גאָט איך גלוסט צו דער זיסקייט און ליבליכקייט פון שבת — וואו ס'געפינען זיך אַזעלכע וואונדערלעכע אויסדרוקן, ווי „המתאמת ומתאחדת במגולתך", אָדער, קדשם בקדושת השבת המתאחדת בתורתיך, פתח להם נועם ורצון לפתוח שערי רצונך" „שבת קודש נפשות ישראל בצל כנפיך יחסין" — „שבת קודש נפשי חולת אהבתיך" — — —

ווען מיר טראַכטן זיך אַריין אין אונדזער הייטיקן אורח־הכבודס גאַנג

אין לעבן, אין דער יידישער ליטעראַטור, אין דער שרייבערישער און זשורנאַליסטישער קאַריערע זיינער קומען אויפן געדאַנק יענע תמימותדיקע ווערטער — — —

א. רייזינס און י. אַדלערס (קאָוונערס) קורצע באַגריסונגען צו אַהרן קאַרלינס אַ יובליי וואָס זיינען ערשט נישט לאַנג צוריק איבערגעדרוקט געוואָרן אין זשורנאַן „זייך" זיינען עדות אויף אַהרן קאַרלינס גאַנג פון זיין סאַמע ערשטן אָנהייב ביז היינט־צו־טאָג.

זיין פּאַטערלעכע ליבשאַפט צו די יונגע פּאָעטן אין זיין צייט, זיין דערציערישע אויג וואָס ער האָט געהאַלטן אָפן פאַר די נייע וואָס האָבן זיך געדרוקט אין זיין „פעדער" זיינען אַ באַווייז אויף זיין ערלעכקייט, תמי־מות, צידקות, גוטסקייט אָן פּניות און גרויסער ליבשאַפט צום יידישן וואָרט, צו דער יידישער ליטעראַטור, און צו דער אייביקער בענקשאַפט זיינער און גאַרונג צווישן יידיש־שעפערישע מענטשן.

דאָס זעלבע קען און מעג דאָ היינט געזאָגט ווערן וועגן דעם פּלאַץ וואו מיר זיינען פאַרזאַמלט ביים „בית־העם". אָט־דאָ אין בית־העם געפינען זיך עטלעכע ענערגישע טוער וואָס גייען נאָך זיין שיטה — זיי זאָרגן זיך אַז ס'זאָל זיין שבת־יום־טובדיגקייט אין אַנדערע רייען, אַז ס'זאָל געהערט ווערן אַ יידיש וואָרט, אַ וואָרט פון לערנען תורה לשמה, אַ יידיש ליד, אַ מצווה פון אונדזערע מצוות מעשיות פאַר עם ישראל און מדינת ישראל אאַ"וו.

באשר בכן — איז דער היינטיקער יום־טוב דאָ אַ טאָפּלט־שיינער און אַ טאָפּלט־צוגעפּאַסטער.

דער בית־עם און זיינע טוער און איינער פון זיי מעג דאָ זיכער דערמאָנט ווערן צום גוטן חבר יעקב קולטשינסקי שהשמחה במעונו — ער איז זיכער דער איניציאַטאָר פון אָט־דער באַערונטגס־שמחה לכבוד ר' אַהרן קאַרלין פאַרן צוועק פון אַ לייען־קרייז אויף זיין נאָמען.

אין דעם זין באַגריס איך סיי די טוער פון „בית־עם" ד. ה. אונדז אַליין, סיי דעם בעל־שמחה ר' אַהרן קאַרלין ער זאָל זיין מיט אונדז נאָך לאַנגע יאָרן און זוכה־זיין צו זען נאָך און נאָך אַזעלכע שבת־יום־טובדיקע אסיפות דאָ אין זיין שכנות אין „בית־עם".

---



אַהרן קאַרלין

## אהרן קאַרלין

רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „די פעדער״

# מיינע ערשטע יאָרן

### (אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן און באַמערקונגען)

אין די יידישע טעגלעכע צייטונגען פון דעם 18טן מערץ, 1963, האָב איך געלייענט אַז: „אַהרן קאַרלין, דער גרינדער און רעדאַקטאָר פון ליטעראַרישן זשורנאַל „די פעדער״, איז די טעג געוואָרן 80 יאָר אַלט. קאַרלין, איז אַ באַקאַנטע פיגור אין די יידישע ליטעראַרישע קרייזן, ער האָט יאָרן לאַנג אַרויסגעבראַכט און געדרוקט אין זיין זשורנאַל: לידער, דערציילונגען און עסייען פון יונגע שריפטשטעלערס, וואָס האָבן געשטעלט זייערע ערשטע טריט אין דער יידישער ליטעראַטור. קאַרלין אַליין האָט צוליב זיין אָפּגעבן זיך מיט דעם, אָפּט פאַרנאַכלעסיקט זיינע אייגענע אַר־בעטן, שאַפונגען, אָריגינעלע דיכטונג און איבערזעצונגען״. איבערלייע־נענדיק אָט די באַמערקונג וועגן מיר, האָב איך באַשלאָסן אָנצוּוואַרפן אַ פּאָר נאָטיצן פון מיין ביאָגראַפיע, ווי אַ הילף צו די פאַרצייכענונגען אין לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור.

איך בין געבאָרן געוואָרן אין יאָר 1884, אינעם שטעטל טערניווקע, פּאָדאָליער גובערניע, אַ צוואָנציק וויאָרסט פון דער גרויסער שטאָט אומאַן, קיעווער גובערניע. מיין פאָטער, אברהם קאַרלין, איז געוועזן אַ סוחר, א נאמן און א בורר. מיין מוטער שיינדל, האָט געקענט לייענען פון טייטש־חומש און זי פלעגט פאַרלייענען פאַר די ווייטער אין שול. כ׳האָב געקראָגן

א געוויינלעכע יידישע דערציאונג, געגאַנגען אין חדר ביזן לימוד גמרא. ווען איך בין אַלט געוואָרן אַ צוועלף־דרייצן יאָר, האָט מיך מיין פאָטער אַוועקגעשיקט מיט אַ בעל־עגלה קיין טאַלנע צום רבין, צו זיין דאָרט מיט זיין זון אַ כיתות־חבר. איך בין אין טאַלנער הויף אָפּגעווען אַרום אַ יאָר.

געקומען קיין אַמעריקע בין איך דעם 18טן יולי, 1900, צו אַן עלטערן ברודער וואָס איז דאָ שוין געווען פון פריער. ער האָט מיך באַגעגנט ביי דער שיף און מיך אַרויסגענומען פון „קעסלגאַרדן", מיך געבראַכט צו אים אין הויז. ער האָט ערשט נישט לאַנג חתונה געהאַט און געוואוינט אין וויליאַמסבורג, ברוקלין, היפּשלעך ווייט פון דער יידישער געגנט. כדי צו טרעפן דעם וועג אויף צוריק אַהיים, האָב איך זיך געמאַכט סימנים. גייענ־דיק אַזוי איבער די גאַסן, האָב איך באַמערקט אויף אַ ראָג (קאָרנער) אַ סאָדע־קרעמל, וואו מען פאַרקויפט יידישע צייטונגען. (אַ פּעני אַ צייטונג) איך האָב נאָך ביז דעמאָלט, פאַרשטייט זיך, קיין מאָל נישט געזען קיין יידישע צייטונג פאַר מיינע אויגן. אין טאַלנע ביים רבין אין הויף, האָב איך אוודאי קיין יידישע צייטונג נישט געזען.

אין דעם סאָדע־קרעמל, האָב איך געקויפט אַלע יידישע צייטונגען און זיך דערוואוסט, אַז דער קרעמער באָרגט אויך אויס ביכער צום לייע־נען. מיין ערשט בוך וואָס איך האָב ביי אים גענומען צו לייענען איז געווען: „די געהיימניסן פון רוסישן קייזערלעכן הויף" פון א. טענענבוים. אַ בוך פון אַ פּאָר טויזנט זייטן. אין דעם סאָדע־קרעמל, אָדער ווי מען רופט עס דאָ: סאָדאַ־סטענד", האָב איך זיך צום ערשטן מאָל באַקענט מיט דעם איצט באַקאַנטן שרייבער־הומאָריסט י. אַדלער. מיר זיינען גע־וואָרן נאָענטע פריינד ביז היינט צו טאָג.

צו יענער צייט האָט פונקט אָנגעהויבן צו דערשיינען דער „מאָרגן זשורנאַל", דער „אַמעריקאַנער" און אויך די „פרייע אַרבעטער שטימע". וואָס האָט נאָך אַן אָפּשטעל פון 9 יאָר ווידער אָנגעהויבן צו דערשיינען. איך האָב אַלע געקויפט, געלייענט און געזוכט נאָך און נאָך פאַרשיידענע געדרוקטע זאַכן, וואָס האָבן מיך געלאָקט צו לייענען. איך האָב זיך פּשוט נישט געקענט אָנזעטיקן. (אַפּנים דאָס געירשנט פון מיין מאַמען שיינדל קאַרלין ע"ה). וואָס מער איך האָב געלייענט אַלץ מער האָב איך געהאַט גייסטיקן פאַרגעניגן.

איך בין פאַרשטייט זיך געוואָרן אַ שטענדיקער לייענער פון „פאָר־ווערטס". איך פלעג אָפט באַזוכן י. אַדלערן אין זיין היים, דער עיקר פאַרשטייט זיך, צוליב זיין רייכער ביבליאָטעק וואָס ער האָט פאַרמאָגט. איך האָב ביי אים געפונען אַלטע, איינגעבונדענע זשורנאַלן פון די אַמאָ־ליקע „צוקונפט", דעם באָסטאָנער „אמת" און אַנדערע פעריאָדישע אויס־גאַבעס. ביי י. אַדלערן האָב איך זיך אויך באַקענט מיט אַ יידן, וואָס פלעגט אָננעמען אַבאָנענטן פאַר אייראָפּעאישע צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס ער פלעגט זיי אַליין צושטעלן. איך בין גלייך געוואָרן זיין אַבאָנענט פאַר דעם „יוד", די „יידישע פאַמיליע", אַרבעטער פריינט" פון לאָנדאָן און אַנדערע צייטונגען און זשורנאַלן פון ענגלאַנד און אַרגענטינע. איך האָב

אַלץ געלייענט און מיט ליבשאַפט זיי געזאַמלט. נישט געקענט זיי אַרויס־וואַרפן. עס זיינען ביי מיר מיט דער צייט אָנגעוואַקסן בערג גאַנצע פון צייטונגען און זשורנאַלן.

מיט דער צייט האָב איך זיך אויך דערוואוסט, אַז אויף לאַפּאַיעט סטריט, וואו עס געפינט זיך איצט דער „האַיאַס") איז פאַראַנען די „אַסטאָר לייברערי״, וואו מען קאָן קריגן אַלטע יידישע צייטונגען און זשורנאַלן צום לייענען. מען דאַרף בלויז פרעגן אויף זיי. פלעג איך פאָרן פון ברוקלין קיין ניו־יאָרק און די „לייברערי״ אָפּט באַזוכט און ממש געשלונגען אַלץ וואָס איז דאָרט געווען אין יידיש.

צוליב מיין געוואַלדיקער ליבע צום יידישן געדרוקטן וואָרט, האָב איך געגאַרט אויך אַמאָל צו ווערן אַן אַרויסגעבער פון אַ יידישער שריפט. און שוין אין יאָר 1908, האָב איך „געספּאַנסערט״ דאָס אַרויסגעבן דוד איגנאַטאָווס ערשט ביכל דערציילונגען „צוויי קרעפּטן״. 1909, האָב איך „געספּאָנסערט״ דאָס אַרויסגעבן די ערשטע אומפּאַרטייאישע ליטעראַרישע זאַמלשריפט: „טרוימען אוןווירקלעכקייט״ רעדאַגירט פון די דיכטער י. אַדלער און יואל סלאָנים. אין דער דאָזיקער זאַמלשריפט האָט זיך שוין דעמאָלט באַטייליקט אונדזער גרויסער דיכטער אברהם רייזען, מיט אַ ליד. ב. וולאַדעק (דער יונגער לאַסאַל וואָס איז פּונקט אין יענער צייט געקומען קיין אַמעריקע) האָט דאָרט פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל און עס אויך אָנגערופן: „טרוימען און ווירקלעכקייט״, און באַקומען דערפאַר זיין ערשטן האָנאָראַר אין אַמעריקע.

די זאַמלשריפט „טרוימען און ווירקלעכקייט״ איז געווען אַ נייס אין דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע, ווייל ביז דעמאָלט פלעגן אַרויס־געגעבן ווערן בלויז בראָשורן פאַר פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן, וועגן די פאַר־שיידענע „איזמען״. חוץ די ראָמאַנען פון „שמר״, טענענבוים און זייפערט, איז קיין בעלעטריסטיק אין ביכער־פאָרם נישט דערשינען. אַפילו די מאָ־נאַטלעכע זשורנאַלן, ווי די „צוקונפט״ און די „פרייע געזעלשאַפט״ האָבן דער עיקר געהאַט פּראָפּאַגאַנדע־צוועקן, כאָטש שוין מיט אַ צושמעלץ פון בעלעטריסטיק.

די זאַמלשריפט „טרוימען און ווירקלעכקייט״ איז געווען אַ ריין ליטע־ראַרישע. דעריבער האָט זי אַרויסגערופן אַ בייסיקע קריטיק אין דער פּרעסע. אין דער „וואַרהייט״ זיינען דערשינען צוויי אַרטיקלען אין דריי קאָלומס יעדער, אויך זיינען דערשינען אַרטיקלען אין „פרייע אַרבעטער שטימע״, און אין אַנדערע צייטונגען און זשורנאַלן.

ווי אַן ענטפער אויף דער בייסיקער קריטיק אין דער פּרעסע אויף דער זאַמלשריפט „טרוימען און ווירקלעכקייט״, איז אַרויס „דער קיבע־צער״, אַפּצולאַכן פון די קריטיקערס. נאָך דעם אויך דער „יידישער גזלן״, וואָס י. אַדלער און יצחק רייז (משה נאַדיר) האָבן אָנגעהויבן אַרויס־צוגעבן. (מיט מיין פינאַנציעלער הילף).

אַגב, דערציילט ערגעץ אין זיינע ביכער משה נאַדיר, אַז ווען דער „יידישער גזלן״ האָט זיך געהאַלטן ביי ליקווידירן, צוליב דעם שווערן

פינאַנציעלן מצב, איז אהרן קארלין געקומען צו זיי אין אָפיס מיט אַ פרישן הונדערטער, כדי צו ראַטעווען דעם זשורנאַל. משה נאַדיר און י. אַדלער האָבן אָבער מער נישט געוואָלט פטרן קאַרלינס געלט און האָבן אים ב׳גוואַלד אַרויסגעטריבן מיט זיין הונדערטער פון אָפיס.

קומענדיק אָפט קיין ניו־יאָרק זיך צו טרעפן מיט שרייבערס, האָב איך אויף קאַנאַל און דיוויזשאַן סטריט איין מאָל דערזען אַ יידן מיט אַ וועגעלע ביכער צו פאַרקויפן. איך בין פאַרשטייט זיך צוגעגאַנגען צו דעם יידן מיט די ביכער און דערזען עטלעכע איינגעבונדענע בענד „פאַר־ווערטסן" פון ערשטן נומער אָן זיינט זיין דערשיינען איך האָב זיי אָפּגע־קויפט, כאָטש איך האָב נישט געוואוסט וואָס איך וועל טאָן מיט זיי. צום גליק האָב איך דעמאָלט פאַרמאָגט אַ פערד און בריטשקעלע, מיט וואָס זיי צו ברענגען צו זיך אַהיים.

איך האָב דעמאָלט געוואוינט אין איסט ניו־יאָרק, אין אַן אייגענעם הויז מיט פאַמיליע, האָב איך זיי אַרונטערגעטראָגן אין קעלער, אָדער ווי מען זאָגט אין אַמעריקע, אין „בעיסמענט", אוועקגעשטעלט אַ טיש און זיך גענומען צו דער אַרבעט זיי איבערצוקוקן. איך האָב געבלעטערט און גע־בלעטערט און נישט געוואוסט וואָס מען הייבט אָן פריער צו לייענען, האָב איך גענומען אויסשניידן באַזונדער די אַרטיקלען, די לידער, און דערציילונגען, זיי צונויפמענלייגן נאָך די מינים נאָך און לויט אַ סדר. שפּע־טער זיינען פון מיינע אויסשניטן דערשינען די ווערק פון יעקב גאָרדין, ז. ליבין און אַפילו אַ טייל לידער פון יוסף באָוושאָווער, וואָס איז צוגע־געבן געוואָרן צו דעם בוך וואָס די „פרייע אַרבעטער שטימע" האָט אַרויס־געגעבן. ווען מילערס צייטונג „די וואַרהייט" האָט באַדאַרפט דערשיינען, איז איר רעדאַקטאָר גאַניקמאַן, ספּעציעל געקומען צו מיר קיין איסט ניו־יאָרק, כדי צו קריגן ביי מיר דעם ראָמאַן, וואָס ע. מילער האָט גע־דרוקט פריער אין „פאָרווערטס" צו דרוקן אים אויף ס׳ניי אין דעם ערשטן נומער „די וואַרהייט". איבעריק צו זאָגן אַז איך האָב ביי קיינעם נישט גענומען קיין געצאָלט פאַר די אויסשניטן מיינע.

אַ ריכטיקער אַרויסגעבער בין איך געוואָרן ווען אברהם רייזען איז צום צווייטן מאָל געקומען קיין אַמעריקע. מיין פריינד, דער פאָלקלאָריסט י. ל. כהן, צו וועמען איך פלעג אָפט אַריינקומען אין זיין יוּוועליר־געשעפט אויף גרעהעם עוועניו, האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ער האָט באַגעגנט אברהם רייזען און האָט מיט אים געשמועסט וועגן אַרויסגעבן אַ ליטעראַריש וואָכנבלאַט. רייזען וויל זיין רעדאַקטאָר און ער, כהן, וויל געבן צושטייער צו אים אַלס שותף. ער, כהן, האָט אָבער קיין צייט נישט צו באַשעפטיקן זיך מיטן זשורנאַל. און אויפגעבן זיין „ביזנעס" קאָן ער אויך נישט, דאַרף מען האָבן אַ מענטש וואָס זאָל זיך קענען אָפּגעבן צו דעם, אָנפירן מיט דער אַדמיניסטראַציע, ווייל רייזען איז נישט קיין פּראַקטישער מענטש פאַר דעם. איך האָב גלייך איינגעוויליקט צו זיין דער מענטש. עס האָט מיר געשמייכלט דער געדאַנק צו האָבן די געלעגנהייט צו זיין אין שותפות מיט דעם גרויסן דיכטער אברהם רייזען.

איך האָב תיכף איבערגעגעבן מיין אייגן געשעפט (וואָס איז מיר סיי־ווי

אויך נישט געוועזן צום הארצן) צו מיין עלטערן ברודער שאיע און איך האָב זיך איבערגעגעבן צו דער אַרבעט פון ווערן אַן אַרויסגעבער. צוגע־גרייט אַן אָפיס, אָפּגעמאַכט מיט אַ דרוקער. קיין געשריבענעם שותפות־קאָנטראַקט האָבן מיר צווישן זיך נישט געשלאָסן. וועד דאַרף אַ קאָנטראַקט מיט מענטשן וואָס האָבן ליב און ווידמען זיך דער יידישער ליטעראַטור? איך האָב צו וויסן געטאָן רייזענען, אַז ער קאָן שוין צוגרייטן מאַטעריאַל פאַרן ערשטן נומער. רייזען איז געווען מלא שמחה. מיר האָבן באַשלאָסן דאָס וואָכנבלאַט אָנצורופן: „די ליטעראַרישע וועלט".

נאָך דעם דערשיינען פון דעם ערשטן נומער, האָט י. ל. כהן זיך צוריקגעצויגן פונעם שותפות. ס'איז אים נישט געפעלן געוואָרן ווי רייזען האָט רעדאַגירט דעם נומער — האָט ער געזאָגט. איך האָב אָבער שוין געהאַט אַריינגעבראַכט אַ פאַרמעגן אין די צוגרייטונגען פאַר דער אויס־גאַבע. באין ברירה, האָב איך מיט רייזענען אַליין ווייטער אַרויסגעגעבן דאָס וואָכנבלאַט „די ליטעראַרישע וועלט". פון גרויס דרך־ארץ צו רייזע־נען, פלעג איך די בריוו און מאַנוסקריפּטן, וואָס פלעגן קומען אין אָפיס, קיין מאָל נישט עפענען. זיי געלאָזט פאַרמאַכטערהייט פאַר רייזענען. (די געשעפט בריוו האָט רייזען, מסתמא, איבערגעגעבן דער סעקרעטאַרין). אברהם רייזען פלעגט (אין די ערשטע טעג) ברענגען מענטשן צו טאָן אַדמיניסטראַטיווע אַרבעט. זיי זיינען אָבער נישט געווען קיין פרייוויליקע אַרויסהעלפערס, אויס ליבע צו דער יידישער ליטעראַטור, ניין! רייזען האָט זיי מיר פאָרגעשטעלט: — „טייערער קאָרלין, דער יונגערמאַן איז אַ וואוילער מענטש, ער וועט אייך העלפן אין אייער אַרבעט — און מיר דאַרפן אים אויך העלפן. ער האָט אַ פרוי מיט צוויי קליינע קינדער און קיין פרנסה האָט ער נעבעך נישט".

איך האָב זיך אין גיכן דערוואוסט, אַז די מאָגערע איינקונפטן פון דעם וואָכנבלאַט וועלן ניש דעקן די גוואַלדיקע הוצאות, אָבער איך האָב נישט געקענט אויפגעבן, ווייל אָפּשטעלן אַ ליטעראַריש וואָכנבלאַט, איז ביי מיר געווען, פאַרשטייט זיך, ווי הרגענען אַ לעבעדיק וועזן. און ווען מיינע פינאַנסן האָבן זיך אויסגעשעפּט, האָט זיך דאָס וואָכנבלאַט אַליין אויפגעגע־געבן. נאָכן אויפגעבן „די ליטעראַרישע וועלט", האָב איך גענומען טראַכטן וואָס צו טאָן, פון וואַנען צו ציען חיונה. צוריקנעמען מיין געשעפט פון מיין ברודער שאיען, האָב איך נישט געקענט, ער האָט באַדאַרפט פרנסה פאַר זיין פאַמיליע, האָבן מיר באַשלאָסן דאָס געשעפט צו צעטיילן העלפט אויף העלפט. דאָס געשעפט האָט אָבער נישט געקענט מפרנס זיין ביידן. האָב איך געמוזט טאָן פאַרשיידענע אַנדערע אַרבעטן. איך בין געוואָרן אַ זינגער־מאַשין־אַגענט, אַ קאָלעקטאָר פאַר אַן „אינסטאָלמענט" געשעפט און אַזוי ווייטער.

ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, האָב איך געוואוינט אין איסט ניו־יאָרק. כדי צו פאָרן קיין ניו־יאָרק אַהין און צוריק, האָב איך באַדאַרפט פאָרן מיט אַ „טראָלי קאַר" דורך ליבערטי עוועניו. איין מאָל האָב איך פלוצים באַמערקט (אַרום אַסבאָרן סטריט) אַ יידישע דרוקעריי. בין איך,

פארשטייט זיך, געווארן פאראינטערעסירט און בין אראפ פון דער „טראלי קאר” א קוק טאן, וואס פאר א דרוקעריי דאס איז. אויסגעלאזן האט זיך, אז די דרוקעריי האט געהערט צו א יידן מיט דעם נאמען פאמעראנץ. א ייד, א שטיקל „מנחם־מענדל”, א פאליטישן, וואס קען כמעט יעדן איינעם אין שטאט און ער, דער ייד, גיט ארויס א יידישע לאקאלע וואכנבלאט מיט דעם נאמען „פראגרעס”... ער אליין שרייבט די עדיטאריעלס, אבער ער האט אויך א ליטערארישן רעדאקטאר (פאר א קליינעם גע־האלט). דער רעדאקטאר מיטן נאמען סיני ליכט איז געווען ביי זיין פאך אן איינבינדער און האט אמאל עפעס געדרוקט אין „קונדס”. ער האט אויך א צאל מיטארבעטערס: דיכטערס, דערציילערס, עסייאיסטן, חוץ אים אליין — דעם „מנחם מענדל” — דעם ארויסגעבער פון דעם וואכנ־בלאט וואס האט אלץ געקענט.

אין א שטיקל צייט ארום האב איך זיך מיט אים, דעם רעדאקטאר, בענטער באקענט און דורך אים אויך מיט די מערסטע מיטארבעטערס זיינע, וואס האבן באלאנגט צו א קלוב „אידעאל” וואו זיי פלעגן זיך צוזאמענקומען ביי זיי אין די הייזער און פארלייענען זייערע שאפונגען פאר קריטיק. איך האב עטלעכע מאל באזוכט זייערע פארזאמלונגען, גע־הערט זיי פארלייענען זייערע שאפונגען און דערזען אז צווישן זיי זיינען דא טאלאנטירטע מענטשן. פארשטייט זיך, אז דעם טאלאנט זייערן האבן זיי נאך באדארפט אנטוויקלען און א סך ארבעטן איבער זיך. ביי א גע־לעגנהייט פון זייערע פארלעזונגען, האב איך זיי פארגעשלאגן, אז אנשטאט פארצולייענען זייערע שאפונגען צווישן זיך, וואס וועט זיי, לויט מיין מיי־נונג, אין ערגעץ נישט דערפירן, זאלן זיי בעסער א טראכט טאן וועגן ארויסצוגעבן אן אייגענעם זשורנאל, וואו זיי וועלן פארעפנטלעכן זייערע שאפונגען פאר דער ליטערארישער וועלט, דעמאלט, אפשר וועט זיך אמאל עמעצער אפרופן אין דער פרעסע, גוט צי שלעכט, אבער לכל הפחות, וועט מען הערן פון זיי, זיך פאראינטערעסירן און אפשר וועלן זיי אנערקענט ווערן אויף דער יידישער גאס. זיי האבן מיין פארשלאג גערן אנגענומען און האבן באשלאסן ארויסצוגעבן א זשורנאל מיט א פרייער פלאטפארמע פאר נייע שרייבערס און אויך אנהייבערס אויף אלע געביטן: פאעזיע, דערציילונגען, עסייען, אאז"וו.

## איך ווער א רעדאקטאר

נאך דעם יובילייט לכבוד „די פעדער” צו איר 15־יאריקער עקזיס־טענץ, איז מיין אויפגאבע ארויסצוגעבן דעם זשורנאל נאך אינטענסיווער געווארן. איך האב זיך געשעמט פאר די „קאנקורענטן” ארויסצוקומען מיט א געוויינלעכן נומער. האב איך דערפאר דעם זשורנאל פארגרעסערט אין א ליטערארישער זאמלשריפט „די פעדער”. דאס האט, פארשטייט זיך, באדארפט קאסטן גרויסע געלטער, וואס איך האב נישט געוואוסט פון וואנען איך וועל נעמען דאס צו דעקן. אבער ניסים פאסירן. מען דארף נאר גלייבן אין דעם וואס מען וויל דורכפירן.

ארומגייענדיק, אן אנגעשטרענגטער, צו זוכן די פינאנציעלע מיטלען

אויף אַרויסצוגעבן די זאַמלשריפט „די פעדער", האָב איך ערגעץ־וואו ביי וועמען געקראָגן אַ פּעקל אַדרעסן פון יידישע לייענערס פון די פּראָווינץ־שטעט איבערן לאַנד און אויך פון הי. איך האָב צו זיי אַרויסגעשיקט די נומערן „די פעדער" וואָס איך האָב געהאַט פון פריער, מיט אַ בריוו צו זיי, אין וועלכן עס איז זיי דערקלערט געוואָרן, וואָס פאַר אַ מין זשורנאַל דאָס איז, ווי אַזוי ער ווערט אַרויסגעגעבן און צו וועלכן צוועק. דערצו אויך צוגעגעבן, אַז זיי זיינען נישט פאַרפליכטעט צו באַצאָלן פאַרן צוגע־שיקטן נומער, זיי קענען אים, אויב זיי ווילן אָפּשיקן צוריק. דאָס אַרויס־שיקן די נומערן האָט, פאַרשטייט זיך, געקאָסט אַ סך געלט אין פּאָסט־מאַרקעס און אַ ים מיט אַרבעט. אָבער אין אַ וואָך צייט האָבן אָנגעהויבן צו קומען בריוו מיט געלט פאַר די אַרויסגעשיקטע נומערן. און אָנשטאָט דעם פּרייז וואָס איז געווען געדרוקט אויף דער הילע: צוויי דאָלאַר, האָבן אַ סך לייענערס געשיקט צו פינף דאָלאַר. פאַרשטייט זיך, אַז נישט אַלע יידן אָדער לייענערס, האָבן אָנגענומען די נומערן, אָבער אַ גרויסער טייל פון זיי האָבן צוגעשיקט טשעקס מיט געלט פאַר די נומערן. אַ סך נומערן זיינען אויך פאַרלאָרן געגאַנגען. דער פּועל־יוצא: דאָס געלט וואָס איז יאָ אַריינגעקומען, האָט נישט געדעקט אין גאַנצן די אויסגאַבעס פון דער נייער זאַמלשריפט „די פעדער" וואָס איז געווען אין דרוק און האָט אָפּגעקאָסט קאַרגע צוויי טויזנט דאָלאַר. אָבער דאָס ביסל געלט וואָס איז יאָ אַריינ־געקומען האָט מיך דערמוטיקט און מיר באַוויזן, אַז יידישע לייענערס זיינען נאָך פאַראַן און ווילן זיין. מען דאַרף זיי נאָר מהנה־זיין מיט וויכ־טיקע ליטעראַרישע שאַפונגען. ווייל יידישע לייענערס, וואָס לייענען יידישע ליטעראַטור און יידישע ליטעראַרישע זשורנאַלן, זיינען געבילדעטע מענטשן, וואָס לייענען אויך אין אַנדערע שפּראַכן, רייכערע און בעסערע זשורנאַלן. יידישע לייענערס לייענען יידישע זשורנאַלן צוליב דעם יידישן טעם וואָס זיי געפינען אין זיי (עס איז אַ פאַקט: אַז דער יידישער פּערטל־יאָר זשורנאַל „די גאָלדענע קייט" וואָס דערשיינט אין ישראל אונטער דער רעדאַקציע פון דעם דיכטער א. סוצקעווער, ווערט געלייענט פון כמעט אַלע בעסערע לייענערס אין אַלע לענדער, וואו יידן געפינען זיך. ווייל ער איז אַ יידישער זשורנאַל מיט אַ יידישן טעם). אָבער, ווי האָט געזאָגט מענדעלע: „נישט דאָס בין איך אויסן".

ווי איך האָב שוין פריער אָנגעוויזן, האָבן מיך די אַריינבאַקומענע געלטער פאַר די נומערן „די פעדער" פון די פּראָווינץ־שטעט, דערמוטיקט אָנצוגיין מיט אַרויסגעבן די זאַמלשריפט. אַזוי, אַז צווישן אַנדערע זיינען דערשינען גרויסע נומערן: צו דעם פאַלן פון פראַנקרייך צו די נאַציס און איר באַפרייט ווערן, אַ יובילײ־נומער צו אַברהם רייזענס זיבע־ציקסטן געבוירנטאָג. און שפּעטער מיט אַ שטיקל צייט, נאָך זיין פּטירה, אַ ספּעציעלער זאַמלשריפט נומער „די פעדער". דאָ מעג נאָך דערציילט ווערן, ווי אַזוי עס איז צושטאַנד געקומען אַז די זאַמלשריפטן זאָלן קענען דערשיינען אַזוי פאַרגרעסערט.

נאָכן ערשטן פאַרגרעסערטן נומער „די פעדער" אַלס זאַמלשריפט

האָט אברהם רייזען אַנגעהויבן אַרייַנגעבן זיין „ליטעראַרישן רעוויו", וואָס האָט, פאַרשטייט זיך, פאַרנומען אַ סך אָרט. ס'איז געווען צו שווער פאַר „די פעדער" אויסצושטיין די אויסגאַבעס. אָפּזאָגן אברהם רייזענען צו דרוקן זיינע זאַכן האָב איך נישט געקענט. ער איז אָבער געווען באַקאַנט מיט דער פינאַנציעלער לאַגע פון „די פעדער", האָט ער אַליין מיר פאַרגעלייגט אויסצושטיין אַ גרויסן טייל פון די קאָסטן וואָס זיין „ליטע־ראַרישער רעוויו" וועט פאַרנעמען. און געקאָסט האָט עס אים הונדערטער דאָלאַרן. דאָס האָט ער געטאָן, ווען ער האָט געשריבן אין „פאָרווערטס" פאַר זייער קליינע שכירות. איך האָב אים,פאַרשטייט זיך, נישט געקענט זאָגן וויפל יאָ און וואָס נישט צו שרייבן. ער האָט געפילט אַז ער דאַרף זאָגן זיין ליטעראַרישע מיינונג און מוטיקן די שאַפערס פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַלע וועלט־טיילן. ווי קאָמיש עס זאָל נישט קלינגען, איז עס אָבער אַ פאַקט, אַז רייזענס אַנטייל נעמען אין די „פעדער", איז געווען אַ שטענד פאַר די יינגערע שרייבערס, אַז „די פעדער" האַלט מיטן אַלטן דור שרייבערס... אויך דער ליטעראַטור־קריטיקער ש. ניגער, פלעגט אָפּט אין זיינע ליטעראַרישע נאָטיצן אַ קיבעץ־טאָן אברהם רייזענען פאַר זיין „ליטעראַרישן רעוויו". עס איז אַפילו אָנגענומען געווען ביי אַ טייל מענטשן צו רופן „די פעדער" „רייזענס זשורנאַל", אַז רייזען איז פאַקטיש דער רעדאַקטאָר פון „די פעדער". אין תל אביבער „היימיש" האָט אַפילו איר רעדאַקטאָר געמאַכט אַזאַ טעות.

וויל איך דאָ נישט זיין קיין ענו ווי יענער רב, וואָס איז געפאָרן אין אַ שטעטל, וואו מען האָט אויף אים געוואַרט, אָבער מחמת עניוות האָט דער רב נישט געזאָגט דעם בעל־עגלה ווער ער איז. האָט דער בעל־עגלה אים באַהאַנדלט ווי אַ בעל־עגלה. און ווען מען איז געקומען אין שטעטל אַריין און דער בעל־עגלה האָט דערזען ווי די גאַנצע שטאָט יידן האָבן אויפגענומען דעם רב מיט גרויס כבוד, האָט זיך דער בעל־עגלה שטאַרק צעוויינט און געבעטן ביים רב ער זאָל אים מוחל זיין, אפשר האָט ער אים אויפן וועג מיט עפּעס פּוגע־בכבוד געווען. דער רב האָט דעמאָלט איינגעזען, אַז מיט זיין עניוות איז ער באַגאַנגען אַ גרויסע עבירה קעגן דעם בעל־עגלה, וואָס ער האָט אים נישט געזאָגט ווער ער איז און דורך דעם אים פאַרשאַפט אַ סך צער.

נאָך אַזוי פיל יאָרן אַרויסגעבן און רעדאַגירן און אויפהאַלטן דעם זשורנאַל „די פעדער", זאָל מען מיך פאַרלייקענען אַלס רעדאַקטאָר? פאַרדריסט עס מיך! אין דער אמתן, בין איך געווען דער אמתער רעדאַק־טאָר, נאָך ווי אַ רעדאַקטאָר! אַנדערע רעדאַקטאָרן פון צייטונגען און זשורנאַלן זיינען בלויז די שיינדלעך פאַר די אויסגאַבעס. ,עס רעדט זיך בלויז אַזוי, ווייל דער אמת איז, אַז יעדער רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג האָט אַ „סטעף" מיט שרייבערס פאַר יעדער אָפּטיילונג פאַר די עדי־טאָריעלס, פאַר די אַרטיקלען, פאַר די עסייען, אאַז"וו. און די אַלע שריי־בערס און מיטאַרבעטערס זיינען אַנגעשטעלטע אויף שכירות. זיי האָבן אַפילו אַ יוניאָן. (דערפאַר קאָנען אויך קיין נייע שרייבערס נישט צוקומען

אין די רעדאַקציעס) און די שרייבערס וואָס ווערן אָנגעשטעלט אַלס שריי־בערס, זיי זײַנען געשולטע, פּאַרטיקע, באַוואוסטע שרייבערס אין דער לי־טעראַרישער וועלט. אַזוי אויך אין די רעדאַקציעס פון די וואָכנבלעטער און פון די מאָנאַטלעכע זשורנאַלן. אַנדערש איז עס געווען מיט מיר אַלס רעדאַקטאָר פון „די פעדער". מיין אָפּיס איז געווען אין מיין קעשענע. און די שרייבערס זיינען אַנהייב געווען רוי און אומבאַקאַנט אין דעם פאַך, בפרט נאָך אין דער ליטעראַרישער וועלט. צי זיי האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין טאַלאַנטירט, צי ניין, האָב איך באַדאַרפט באַשטימען. איך האָב געוואָגט דאָס צו טאָן, אין דער צייט ווען עס האָבן געלעבט און אָנטייל גענומען אַזעלכע ליטעראַרישע בערן ווי: ש. ניגער, דער ליטעראַטור־קענער און גרויסער דיכטער און דערציילער אברהם רייזען. פאַרשטייט זיך, אַז ביי יעדער אויסגאַבע פון „די פעדער", האָב איך געציטערט פאַר זייערער אַ שלעכטער מיינונג. בעסער געזאָגט: געציטערט פאַר אַ שלעכ־טער רעצענזיע וועגן די לידער, אָדער די דערציילונגען און די עסייען וואָס איך דרוק אין „די פעדער". (דאָ איז כדאַי צו פאַרצייכענען, אַז די אויפשריפט אויף אַן אַרטיקל „עסיי" איז נאָך אין דער יידישער ליטעראַ־טור נישט געניצט געוואָרן ביז „די פעדער" האָט אָנגעהויבן דרוקן די עסייען וועגן ליטעראַטור פון דעם ערשט־נישט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם און פאַרזעענעם, עסייאיסט און ליטעראַטור־קריטיקער משה וויטיעס (מאָריס סאָרגען). אַפילו זיין בוך „עסייען וועגן ליטעראַטור", וואָס איז דערשינען נישט לאַנג פאַר זיין פּטירה, וואַרט נאָך אויף אַן ערלעכער אָפּשאַצונג פון אַ וויכטיקן ליטעראַטור־קריטיקער.

אָבער ווי מענדעלע זאָגט: „נישט דאָס בין איך אויסן". איך בין אויסן צו דערציילן ווי איך האָב צוגעלייגט אַ האַנט צו די מאַנוסקריפּטן זיי אויסצובעסערן, איידער איך האָב זיי געקענט דרוקן. דאָ, בייטן אַ וואָרט אויף אַן אַנדערס, דאָ אַ שורה אויסגלייכן אין פּאַסיקן ריטעם, אויס־שטרייכן איבעריקס, כדי די שאַפונג זאָל קריגן אַ באַשטימטע ליטעראַרישע פאָרעם. אַזעלכע „אויסבעסערונגען" ווערן געמאַכט אין די מאַנוסקריפּטן פון די גרעסטע און באַרימטסטע שרייבערס, ווייל שרייבערס זיינען אויך בלויז מענטשן און מענטשן קאָנען מאַכן פעלערן. אַלס רעדאַקטאָר, האָב איך אויך געדאַרפט וויסן ביי וועלכע שרייבערס און ביי וועמען צו באַ־שטעלן געוויסע אַרטיקלען, זיי איבערלייענען און באַשטימען צי זיי זיינען גוט אָנגעשריבן, צי מען דאַרף זיי אַ ביסעלע „דאָקטאָרן". (פון דעם נעמט זיך אפשר דאָס וואָרט: —רע־דאַקטאָר) איך בין אַזוי אַרום געווען, ווי מען זאָגט — אַ שותף צו די שאַפונגען פון אַלע שרייבערס. דער שריי־בער פון דער נאָטיץ אין די טעגלעכע יידישע צייטונגען, וועגן מיין 80 יאָר אַלט ווערן, האָט זייער ריכטיק באַמערקט: „קאַרלין, האָט צוליב זיין אָפּגעבן זיך מיט אַרויסגעבן און רעדאַגירן דעם זשורנאַל „די פעדער", פאַרנאַכלעסיקט זיינע אייגענע אַרבעטן, שאַפונגען און אָריגינעלע דיכ־טונגען און איבערזעצונגען".

די דערמאָנטע אַרבעט האָט מיך אַזוי אימפּאָנירט, אַז איך האָב געהאַט

גרויס הנאה פון מיין אַנטייל נעמען אין אַזוי פיל שאַפונג־געביטן. איך ווייס נישט צי די יידישע ליטעראַטור האָט פאַרלאָרן פון דעם גרויסע ווערק. איך אָבער, וואָלט געהאַט פאַרלאָרן די גרויסע הנאה וואָס איך האָב געקראָגן פאַר מיין אַרבעט און פון דער לערע וואָס איך האָב געקראָגן אין דער קונסט פון ליטעראַטור — די קונסט איבער אַלע קונסטן.

נאָך דער פטירה פון אברהם רייזען, איז דאָס אַרויסגעבן „די פעדער" אָפּגעהאַלטן געוואָרן. עס האָבן זיך נישט געהויבן די הענט — ווי מען זאָגט — עפּעס צו טאָן. און צווישן דער צייט זיינען אויך צוגעפאַלן קראַנקייטן צו מיר און צו מיינע אייגענע. איך האָב דורכגעמאַכט אַן אָפּע־ראַציע. עס איז אַוועק אַ שטיקל צייט און עס איז אויך אויפגעשוואומען די פראַגע: צי די אַדרעסן פון די לייענערס זיינען נאָך גילטיק. און כדי דאָס אויסצוגעפינען, האָט זיך געפאָדערט אַ סך געלט פאַר פּאָסטמאַרקעס און אַ ים מיט צייט. און דער ווילן אַרויסצוגעבן „די פעדער" האָט געמוזט אויפגעגעבן ווערן.

**
*

די אבידה פון מיין פרוי פעשע־גענדלער־קאַרלין ע"ה, וואָס איז געווען אַ גוטער מלאך אין מיין לעבן, האָט אויף מיר זייער שטאַרק גע־ווירקט פיזיש און גייסטיק. בלייבנדיק אַליין אין די צימערן אויף 11טער גאַס, וואו איך האָב אָפּגעלעבט אַן ערך פון דרייסיק יאָר, איך האָב דאָרט אָנגעזאַמלט בערג מט ליטעראַרישע אוצרות, האָב איך די דירה געמוזט אויפגעבן, ווייל קיין זאַך האָט מער פאַר מיר נישט געהאַט קיין ווערט. אויפצוגעבן מיין דירה איז געווען די עצה פון מיינע אייגענע און פריינד, כדי איך זאָל אין אַזאַ צושטאַנד נישט וואוינען אַליין, וואָס דאָס וואָלט נאָך מער געווירקט אויף מיר אין אַלע הינזיכטן. פון דעם טרויעריקן טאָג אָן האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן אַ נע־ונעדיש לעבן. אָן אַן אייגן ווינקל, ווערט דער מענטש אויס מענטש... כדי זיך צו ראַטעווען און זיין צווישן מענטשן, בין איך איינעם זומער פון 1963, צוגעפאָרן אין „אונדזער קעמפ" פון פאַרבאַנד, אויפן זומער. אין דער צייט פון מיין זיין אין קעמפּ, איז אַהין געקומען דער דיכטער חיים גראַדע האַלטן אַ לעקציע. איך בין, פאַרשטייט זיך, געקומען הערן זיין לעקציע.

איידער גראַדע האָט אָנגעהויבן זיין לעקציע, האָט ער, ווי אַן אַריינפיר, געזאָגט אַ פּאָר ווערטער, געמאַכט קאָמפּלימענטן דעם „פאַר־באַנד" פאַר צוציען אין קעמפּ אַריין אַזאַ פיינעם עולם, געלויבט די אָנפי־רערס פון קעמפּ פאַר האָבן אַ גוטן שכל צו פאַרבעטן ליטעראַרישע געסט אַאַז"וו. „אָט זע איך — האָט ער געזאָגט — זיצן צווישן עולם דעם גרויסן דיכטער י. י. שוואַרץ, דעם מחבר פון דעם גרויסן ווערק „קענטאַקי", און אָט זע איך אויך זיצן דעם רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „די פעדער" אַהרן קאַרלין, וועמען מען קאָן אָנרופן: „דער פאָטער פון דער נייער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע" — — דערהערנדיק די ווערטער זיינע וועגן מיר, האָב איך זיך אַ ביסל פאַרשעמט פון זיין איבערטרייבונג,

וואָס האָט מיר אַזוי געקלונגען... ווייל איך האָב זיך קיינמאָל נישט גע־האַלטן פאַר אַזעלכן. הגם, דעם פאַרגעניגן פון אַ פאָטער־געפיל האָב איך, צייטנווייז, יאָ געהאַט, ווי דער רעדאַקטאָר פון „די פעדער", צווזעענדיק ווי דיכטער, דערציילערס און עסייאיסטן, וואָס האָבן זיך ערשט נישט לאַנג צוריק אָנגעהויבן דרוקן, (אונטער מיין רעדאַקציע) ווערן אָנערקענט און באַוואוסט. איך האָב אויך געהאַט „צער גידול בנים". אָבער די ווער־טער וועגן מיר פון דעם דיכטער חיים גראַדע, באַווירקן מיך, אַז די שרייבער־וועלט ווייסט און שאַצט אָפּ מיין אַרבעט. איך וויל נישט זאָגן פאַר דער ליטעראַטור, אָבער כאָטש ביי דער ליטעראַטור. און דאָס איז פאַר מיר אַ סורפּריז.

פון „אונדזער קאַמפּ" אין שטאָט אָריין האָט מיך געבראַכט אַ פיינער ייד מיט אַ גרויסן נאָמען „איינשטיין", וואָס איז, ווי איך, דאָרט געווען אַ גאַסט. געוואוינט האָט דער ייד אין ברוקלין, אויף פּרעזידענט סטריט און כ'האָב ביי אים געוואוינט עטלעכע חדשים. צוליב פאַרשיידענע סיבות האָב איך זיך איבערגעצויגן אין אַנדערע דירות און געגנטן. אין דער צווישן־צייט בין איך געלעגן אין שפּיטאָלן, פון וועלכע כ'האָב נאָך די געשוואָלענע חשבונות (בילס).

איך האָב זיך דערפילט אַ ביסל בעסער, בכוח צו זוכן אַ דירה, און זיך דערוואוסט, אַז איך בין אין אַ „קאָנוואַלעסענט האָום". אַז מען האָט מיר דערלויבט צו פאַרלאָזן די „האָום", איז קיינער ניט געקומען מיך אין ערגעץ נעמען און איך האָב ניט געהאַט וואוהין צו גיין.

מיין צימער־שותף, שוין אויך אַ באַפרייטער, האָט מיך מיטגענומען צו זיך אין וואוינונג. ער האָט געוואוינט אין „ברייטאָן ביטש, פוירסט ראָוד", ביים אָנהויב פון „באָארדוואָק".

איך האָב ביי אים געוואוינט גוטע עטלעכע חדשים. אויף דעם „באָארדוואָק" האָב איך זיך באַקענט מיט אַ גרופּע פיינע אינטעליגענטע יידן, וועלכע געדענקען „די פעדער" און מיך. גראָד האָט דאָס פּאַסירט, ווען אין די יידישע צייטונגען האָט זיך באַוויזן די נייעס, אַז איך בין געוואָרן אַ בן שמונים. די גרופּע האָט באַשלאָסן יובלען מיינע אַכציק יאָר און ביי דער פייערונג אָנאָנסירן, אַז זיי האָבן געגרינדעט אַ לייען־קרייז אויף מיין נאָמען. דער „קאַרלין לייען־קרייז" האָט אַ פיינע מיט־גלידערשאַפט און פונקציאָנירט רעגולמעסיק יעדן דינסטיק נאָכמיטאָג.

דאָס איז מיין שענסטע באַלוינונג פאַר מיין לעבנסלאַנגער ליטעראַ־רישער טעטיקייט פאַרן יידישן וואָרט.

---

די אַלע שרייבער וואָס ווערן דערמאָנט אין די אַרטיקלען און געפינען זיך אין די גרופּן־בילדער, האָבן זיך געדרוקט אין „די פעדער".

# א י נ ה אַ ל ט: